אלי לנדאו

# ירושלים אויף אייביק

די מלחמה פון אונדזערע פאראשוטיסטן צו באפרייען די שטאט פון דוד

אלי לנדאו

# ירושלים אויף אייביק

## די מלחמה פון אונדזערע פאראשוטיסטן
## צו באפרייען די שטאט פון דוד המלך

פאַרלאַג אותפז בע"מ

די קעמפער־באפרייער פון ירושלים השלימה
און די יעניקע וואס האבן זי געזען און
זענען געפאלן צופוסנס פון אירע מויערן.



## סדר פון די קאַפּיטלען



## סדר פון די בילדער

עס איז געווען אַ גרויסער זכות פאַר די צנחנים (פּאַראַשוטיסטן) צו באַפרייען ירושלים פון פרעמדער הערשאַפט און זי צוריקברענגען צום יידישן פאָלק און מדינת ישראל.

נישט בלויז פון הימל איז אונדז אַראָפּגעפאַלן אָט דער זכות. פיל יאָרן באַמיען זיך די צנחנים, פיל מער ווי עס פאָדערט זיך פון זיי, כדי זיי זאָלן זיין ווערט אָט דעם זכות. אַ צנחן וואָלונטירט אין עלטער פון 18 יאָר און במשך פון פיל יאָרן קומט ער ווידער און ווידער פרייוויליק יעדן טאָג, יעדע שעה.

די רעזערוו־צנחנים, מענטשן פון משפחות, זענען ווייטער ממשיך זייער פרייוויליקייטס־דינסט אויך נאָכדעם, ווי עס גייט אַוועק די עלטער פון פרייוויליקייט אין ראַמען פון פליכט — גרייטע צו יעדן קרבן, סיי אין שלום־צייט און סיי אין טעג פון מלחמה.

אין לאַנגע אויסמאַטערנדיקע מאַרשן, אין פּאַראַשוטן־לאַנדונגען, אין פינצטערע נעכט, אין גרענעץ־אויסשפּירונגען פון שטיין צו שטיין און אין דורכפירן קריגס־אַקציעס אויפן שטח פון שונאס טעריטאָריע — אין דעם אַלעם האָבן די צנחנים געזען דאָס גנעדיקע ליכט פון דער גאולה.

און ווען עס איז געקומען דאָס ליכט — האָבן די צנחנים געשטעלט אין קאָן זייער לעבן — און אויסגעלייזט.

די דערציילונג וועגן דער מלחמה פון די צנחנים אין ירושלים איז געשריבן געוואָרן דורך אלי לנדאַו אַ שרייבער און צנחן. דעם זכות צו שרייבן אָט די וואונדערבאַרע דערציילונג האָט אלי באַקומען אַלס אַקטיווער שותף אין שלאַכט. און זיינע נאָטיצן זענען געשריבן געוואָרן אין ליכט פון באַלייכטונגס־ראַקעטן און שטראַלונגס־קוילן. אלי איז געווען אין דער קאָמאַנדאָ־טאַנקעטקע, וואָס האָט די ערשטע דורכגעבראָכן די מויער פון דער אַלט־שטאָט און אין דער גרופּע קעמפער, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון ישראל אויף דעם כותל המערבי.

ער האָט שיין געקעמפט, שיין געשריבן און אַלץ וואָס ער האָט דערציילט איז אמת. כבוד צו אים און צו די צנחנים.

**מרדכי** (מוטה) **גור** — אלוף משנה
מפקד חטיבת הצנחנים

# קיין ירושלים דורך סיני

די עראָפּלאַנען האָבן שווערלעך זיך אויפגעהויבן פון דערנע־בנדיקן פלי־פעלד. ס׳איז געווען קענטיק, אַז זיי זענען פול אָנגעלאָדן מיט אַמוניציע. פון אַ ליימיקן פלאַץ אין אַ יונגן פּרדס האָבן די פּאַראַשוטיסטן מיט שפּאַנונג זיך צוגעקוקט צו די אָפּפליענדיקע עראָפּלאַנען. דאָס איז געווען דער איינציקער בולטער סימן, וואָס האָט באַשטעטיקט די ידיעות פון אינדערפרי אין „קול ישראל", אַז די מלחמה האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן. עראָפּלאַנען פון אַלע מינים זענען כסדר אָפּגעפלויגן אויף דרום. די יעניקע, וואָס זענען געבליבן אין הינטערלאַנד, האָבן זיך בלויז געקאָנט אָנשטויסן, וווהין די עראָפּלאַנען פליען.

פון זינט די שפּעטע נאַכט־שעהן זענען די פּאַראַשוטיסטן־אָפּטיילונגען געלעגן אויף אַ נייעם זאַמל־פּלאַץ. צען טעג האָבן זיי זיך געפונען אויף אַן אַנדער אָפּשניט. דער צייטווייליקער לאַגער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אָנהויב פון דער מאָביליזאַציע, האָט זיך, נאָך אייניקע טעג, פאַרוואַנדלט אין אַ צענטער פון דיזענטעריע. דער לאַגער איז געווען ענלעך צו אַ קליין שטעטל, וואָס איז שנעל פאַראומרייניקט געוואָרן, ווייל ס׳איז נישט ווי געהעריק צוגעגרייט געוואָרן אויפצונעמען אויף אַ לענגערער צייט די הונדערטער מענער, וואָס זענען געקומען אַהער. עס איז געווען נויטווענדיק אַרויסצופירן די כוחות פון דאַנען, און דאָס וואָס גיכער. אין דער נאַכט, ערב דעם אויסברוך פון די קאַמפן, זענען, בכן, די פּאַראַ־שוטיסטן אָנגעקומען אין יונגן פּרדס נעבן אַ געוויסן קיבוץ. דאָס איז געווען זייער אַרויסשפרונג־פּונקט צו דער מלחמה.

אין יענעם פרימאָרגן, דעם 5־טן יוני, האָט קיינער פון דער גרופּע מענער אין קאַמופלאַזש־בגדים נישט געגלויבט, אַז די מלחמה האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן. צען לאַנגע טעג האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט פּאָרויסזען, מיט אָפּשאַצונגען פון מצב און מיט פּאָליטישע דיסקוסיעס, וואָס האָט אויפן זאַמל־אָרט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון אַ ריזיקן פּאַרלאַמענט. די איינציקע טעמע, אַרום וועלכער עס האָבן זיך געדרייט אַלע געשפרעכן איז געווען: ווען וועט זיך די מלחמה אָנהייבן? אייניקע מאָל איז זיי פאַראָרדנט געוואָרן אַרויפ־צוגיין אויף די אויטאָס, כדי צו פאָרן צו די טראַנספּאָרט־עראָפּלאַ־

נען, אָבער שטענדיק פלעגט אַ שטאָפּעט קומען צו לויפן און איבער־געבן די קאָמאַנדירן די אָנווייזונג צוריקצוקערן די חיילים אין די נידעריקע געצעלטן — עס איז נאָך דערוויל זייער צייט נישט געקומען. די פּילצאַליקע פּלאַנירונגען, די באַראַטונגען, צו וועלכע עס זענען גערופן געוואָרן די קאָמאַנדירן אַלץ אָפטער און אָפטער, האָט געריסן זייערע נערוון. לסוף זענען אַ סך פון זיי געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם וואָס געשעט.

די פּאַראַשוטיסטן־בריגאַדע איז מאָביליזירט געוואָרן אין די לעצטע פאַזעס פון דער מאַסן־מאָביליזאַציע. לאַנגע שעהן האָבן די מענטשן געוואַרט אויפן מאָביליזאַציע־רוף, וואָס זאָל זיי אויסלייזן פון דער שפּאַנונג, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. זייערע חברים אין די שטעט, אין די קיבוצים און מושבות, האָבן שוין פאַר־לאָזן זייערע היימען אויפן וועג צו זייערע איינהייטן. ווען די מאָבי־ליזאַציע־שליחים האָבן אין דער נאַכט געקלאַפּט אין זייערע טירן, זענען זיי שוין געווען איבערצייגט, אַז די מלחמה איז אויפן שוועל. אָן זיי — האָבן זיי מעדיטירט, מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַריסנקייט פון וואָלונטאַרע זעלנער — וועט מען קיין מלחמה נישט דורכפירן. פונדעסטוועגן, ווען זיי האָבן אָנגעטאָן זייערע קאַמפס־קליידער און גענומען דאָס געווער אין דער האַנט, האָבן זיי נאָך אַלץ געמוזט וואַרטן. געננוי ווי אַלע אַנדערע בירגער אין דער מדינה, האָט זיי דערוואַרט אַן איבעראַשונג אין טאָג פון 5־טן יוני.

די 24 שעה, וואָס זענען אַריבער, זינט זיי זענען מאָביליזירט גע־וואָרן, זענען געווען גענוג צו פאַרוואַנדלען די גרופּע ציווילע בירגער אין חיילים, פּאַראַשוטיסטן, קעמפער פון דער ערשטער ליניע. די געפלעקטע מלבושים אין קאָמופלאַזש־קאָלירן, די הויכע, רויטע קרעפּ־שיך, די היטלען מיט די ברייטע ראַנדן און די שטאָל־העלמען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעסאַנט־מיליטער, האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַן אויסקריסטאַליזירטער בריגאַדע.

אין די ערשטע מאָביליזאַציע־טעג האָבן די בחורים זיך פאַר־נומען מיט פיבערהאַפטע צוגרייטונגען, ווייל זיי האָבן יעדן טאָג דערוואַרט, אַז אויף צומאָרגנס וועלן זיי אַרויס אין קאַמף. קותיק, דער אינטענדאַנט־אָפיציר פון דער בריגאַדע, איז דעריבער געווען די סאַמע באַקאַנטסטע געשטאַלט אין לאַגער. אַלע האָבן עפּעס געדאַרפט פון אים, און האָבן געשטראָמט צו זיין געצעלט. דעם האָט געפעלט שיך און דעם — אַן אַמוניציע־פּאַס. די מאָביליזירטע צו לעצט האָט אין אָנהויב געפעלט אפילו פערזענלעך געווער. לאַנגע און שווער־אָנשטרענגענדיקע שעהן האָבן די איינהייטן אויסגע־שמידט אין אַ באַוואָפנטער בריגאַדע, גרייט צום קאַמף. זייענדיק

אין אָנהויב זיכער, אַז זייער אַרויסמאַרש איז אַ פראַגע פון אייניקע שעה, האָבן די חיילים אויף א ווײַלע פאַרגעסן די פּאָליטישע פּראָבלעמען, זיי האָבן שטודירט די מאַפּעס און געפּרוווט אויסזוכן דעם שטח, וווּ זיי וועלן דאַרפן דורכפירן אַ דעסאַנט־לאַנדונג. דעם גענויעם פּלאַן פון זייער אַקציע האָבן זיי נישט געוווּסט. דער פאַקט, וואָס מען האָט זיי פאַרטיילט אויסשטאַטונג אויף מיטצונעמען באָמבעס, אַמוניציע, גראַנאַטן און געווער, איז געווען דער ערשטער סימן, אַז עס איז טאַקע פּלאַנירט געוואָרן פאַר זיי אַ קאַמפּס־דעסאַנט. ווו? ווען? — די דאָזיקע פראַגן האָבן געשוועבט אין דער לופט.

די קאָמאַנדירן פון די באַטאַליאָנען און קאָמפּאַניעס האָט מען באַקאַנט געמאַכט מיט דער קאַמפּס־אַקציע שוין אין דער ערשטער פאַזע. זיי זענען אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויף די סטעזשקעס פון לאַגער, אין די הענט — מאַפּעס און לופט־פאָטאָגראַפיעס פאַרזיגלטע אין פאַרטפעלן. אָבער עפּעס דערוויסן זיך פון זיי אין געווען אוממעגלעך. די געצעלטן פון די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן זענען געווען פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט און די מיליטערישע זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַרומגעדרייט נעבן די פאַרצוימונגען און באַזייטיקט די נייגעריקע, וואָס זענען געקומען „שעפּן“ ידיעות פאַר יעדן פּרייז. נאָך פיר טעג, האָט שוין אָבער געפּלאַצט דאָס געדולד, סײַ ביי די חיילים און סײַ ביי די קאָמאַנדירן. עס איז נישט געווען קיין אַנדער עצה, ווי צו באַשעפטיקן די חיילים מיט אָנשטרענגענדיקע איבונגען, כדי כאָטש אַביסל אָפּצושוואַכן די שפּאַנונג.

אין די אָוונטן, נאָך די איבונגען, פלעגן זיך די קעמפער אויסזעצן אַרום אַ שייטער און פלוצים האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז אָט ערשט נעכטן זענען זיי געווען געוויינלעכע בירגער. די מושבניקעס צווישן די חיילים האָבן געשמועסט מיט ערנסטע פּנימער וועגן די פּראָבלעמען פון שניט, וואָס איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן. די קיבוצניקעס האָבן זיך פאַרלאָזט אויף די יונגע, וואָס זענען געבליבן אין די משקים, אַז זיי וועלן אויספירן די פעלד־אַרבעט — פונקט ווי זיי גופא האָבן עס געטאָן בעת דער סיני־אַקציע. די שטאָטישע האָבן זיך נישט געשעמט מיט זייערע זאָרגן וועגן פּרנסה־ענינים. דער לאַגער האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַ קליין שטעטל. ליידיקע אַמוניציע־קאַסטנס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פּאָסט־קעסטלעך. אייניקע חיילים האָבן זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי. איבער די באַוואַסערונגס־רערן פון פּרדס זענען אָנגעצויגן געוואָרן ברעזענטן, און עס האָבן זיך באַקומען פּערפעקטע טושן.

קיינער פון די פּאַראַשוטיסטן האָט נישט געקענט אויפקלערן די זיכערהייטס־אָפיצירן, דעם ערשטן שבת נאָך זייער מאָביליזאַ־

ציע, ווי אַזוי זייערע פּרויען און משפּחה־מיטגלידער האָבן געוווּסט צו קומען אין לאַגער. דאָס הינטערלאַנד, די היים, האָט זיך געפונען נישט מער ווי אַ האַלבע שעה רייזע פון לאַגער. די קינדער פלעגן אַריבערשפּרינגען דעם צוים אין געלאָף — פּאַר די אויגן פון די פּאַרצווייפלטע זיכערהייטס־אָפיצירן — כדי זיך צו זען מיט „זייערע טאַטעס". אפילו די סאַמע הארטסטע קאָמאַנדירן האָבן נישט געקענט אָפּרייסן די קינדער פון די אָרעמס פון זייערע פּאָטערס. אַזוי האָט זיך דאָס וואַרטעניש געצויגן פון איין באַפעל צום צווייטן, פון איין נאַכט אין שפּאַנונג צו א צווייטער און פאַרשיידענע קלאַנגען זענען געווען די טעמע פון זייערע שפּעט־נאַכטיקע שמועסן.

אָבער דאָס וואַרטן איז פאַר זיי אויך געווען אַ ברכה. אין דער צייט האָט די בריגאַדע פאַרשטאַרקט איר כוח, באַקומען מער אַמוניציע, קאַמפּס־ראַציעס און אַנדערע וויכטיקע קאַמפּס־מיטלען.

אין דער נאַכט פון 2־טן יוני זענען די באַטאַליאָנען אַרויסגעפירט געוואָרן אין איבונגס־ראַיאָנען און דאָרט איז זיי פאַראָרדנט געוואָרן צו וואַרטן ביז מען וועט זיי רופן. אין דער נאַכט פון 4־טן יוני האָט די בריגאַדע נאָך אַמאָל אָפּמאַרשירט צו אַ נייעם זאַמל־פּלאַץ. דעם 5־טן יוני פאַרטאָג האָבן די חיילים זיך אויפגעכאַפּט פון דעם רעווען פון די מאָטאָרן אין די עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן פון פלי־פעלד. זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די שלאָף־זעק און מיט פאַרבליפונג נאָכגעקוקט די עראָפּלאַנען־פאָרמאַציעס, וואָס האָבן איינע נאָך דער אַנדערער, מיט אַ מעכטיקן גערויש אָפּגעפלויגן אויף דרום. צוערשט האָבן זיי מורא געהאַט, אַז די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן צו גיך און די איינהייטן, וואָס געפינען זיך אין דרום, וועלן זיין גענוג אויף צו פאַרענדיקן די אַרבעט אָן זייער הילף. „מיראזשן", „וואָטורן", „סופּערמיסטערס" האָבן, פּירווייז, נאָך אַנאַנד זיך אויפגעהויבן און אָפּגעפלויגן דורכצופירן זייערע קאַמפּס־אויפגאַבן.

פון איצט זענען אַלע געווען פאַרנומען מיט פיבערהאַפטע צוגרייטונגען. די באַטאַליאָנען האָבן געמאַכט די לעצטע צוגרייטונגען. די קאָמאַנדירן האָבן דורכגעפירט די לעצטע אינספּעקציע און פּראָפעסיאָנעלע פאַראַשוטיסטן־אינסטרוקטאָרן זענען געגאַנגען פון איין איינהייט צו דער אַנדערער און קאָנטראָלירט די ברוסט־זעק און די איבעריקע אויסשטאַטונג פון די פאַראַשוטיסטן, וואָס זענען גרייט געווען צום וועג. היינט ביינאַכט — האָבן שוין אַלע געוווּסט — וועלן זיי אַראָפּשפּרינגען אויפן שטח פון פיינט. פון דעסטוועגן האָבן זיי נאָך אַלץ נישט געוווּסט וועלכע עס זענען עס די קאַמפּס־פּלענער. די קאָמאַנדירן האָבן נישט געזאָגט קיין

וואָרט וועגן דעם, אַפּילו נאָך דעם אויסברוך פון די קאַמפן, נאָר זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט אָפּגעגעבן מיט צוגרייטן די חיילים און צו שטודירן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל די מאַפּעס, כדי גוט צו פאַרגעדענקען דעם זאַמדיקן שטח, ווו דער דעסאַנט וועט זיך דאַרפן אַראָפּלאָזן.

קעמפער, אין ציווילער באַקליידונג, וואָס האָבן נישט באקר־מען צוגעשיקט אַהיים זייערע מאָביליזאַציע־באַפעלן, זענען האַרט פאַרן אַרויסגיין צו דער מלחמה־אַקציע, אָנגעקומען אויפן זאַמל־פּלאַץ. אַ טייל פון זיי זענען בכיוון נישט גערופן געוואָרן. דאָס זענען געווען קעמפער, וואָס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פריי־ערדיקע קאַמפּס־אַקציעס, אינוואַלידן און אַנדערע קעמפער, וואָס האָבן נישט געקענט מסכים זיין מען זאָל זיי לאָזן אין הינטערלאַנד. זיי האָבן זיך באַוויזן פון צווישן די בוימער, פונקט ווי מען וואָלט זיי דאָרט באַשטעלט. עס איז נישט געווען מעגלעך זיי צוריקצו־שיקן. עס איז געווען געוונג, אַז איינער זאָל זיך עפּעס ארויס־רעדן — און די אקציע פון אַ גאַנצער בריגאַדע וואָלט נכשל גע־וואָרן און אַפּילו זיך געענדיקט מיט אַ קאַטאַסטראָפע. די זיכער־הייטס־אָפּיצירן אין לאַגער זענען געבליבן אומבאַהאָלפן קעגנ־איבער דער נייער כוואַליע פון פרייוויליקע. בלית־ברירה, און צו־ליב אַ באַהאַלטענעם געפיל פון פארערונג, זענען זיי אָנגעשלאָסן געוואָרן צו די כוחות.

פון דערנעבנדיקן יישוב האָט מען דערהערט דאָס געוואָי פון די אַלאַרם־סירענעס. שנעל זענען די אמוניציע־אויטאָס, וואָס זענען געווען פול געלאָדן מיט אויפרייס־מאַטעריאַל, צעשפּרייט געוואָרן איבערן שטח און די חיילים איז פאַראָרדנט געוואָרן אריינצוגיין אין די שוץ־גריבער, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אין משך פון דער נאַכט. פאַרשידענע אויטאָס זענען גיך געפאָרן אויף די שטעגן פון פרדס, שאָפערן האָבן פון מאָל צו מאָל אויסגעלאָדן נאָך אַ לאָדונג פון באַזוקאַ־באָמבעס, האַנט־גראַנאַטן און לייכטע אַמוניציע. אייניקע חיילים האָבן זיך פאַרנומען מיט רייניקן זייער געווער, אייניקע זענען געזעסן פאַרטיפט אין זייערע געדאַנקען. עמעצער האָט געבלעטערט אין אַ סידור און אַן אַנדערער האָט נאָך אַמאָל געלייענט דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון דער היים. איינער האָט אַרויסגענומען פון זיין טאַשן־פאָרטפעל פאָטאָגראַפיעס פון זיין הויזגעזינד און אַריינגעקוקט אין זיי.

פון אַן אַנדערן עק פרדס האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס. אַ לייכטזיניקער זעלנער האָט אָנגעצונדן אַ פייער, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט און אָנגעהויבן פאַרברענען די אַמוניציע, וואָס ער האָט א שטיקל צייט פריער באקומען. עס איז געווען אַ נס, וואָס

קיינער פון די חיילים איז נישט געטראָפן געוואָרן. אַ געדיכטער רויך האָט איינגעהילט דעם פרדס. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די חיילים האָבן געשמעקט דעם רויך פון פולווער און ביז שפּעט אין אָוונט איז צו זיי קיין אַנדער ריח נישט דערגאַנגען.

פון דער ריכטונג פון יישוב איז אָנגעפאָרן אַ דזשיפּ, איינגעהילט אין וואָלקנס שטויב. די אָנגעקומענע האָבן געבעטן מען זאָל זיי פירן צום קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. אָבער דער קאָמאַנדיר איז געווען דעמאָלט אויף אַ זיצונג אין שטאָב פון „פיקוד המרכז". עס האָט זיי אויפגענומען זיין פאַרטרעטער. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קורצן שמועס און שפּעטער אָנגעהויבן גייך פון איין קאָמפּאַניע צו דער אַנדערער. זיי האָבן די חיילים פאַרטיילט לייוונט־טאַשן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען גאַז־מאַסקעס. ביז דאַן האָבן די חיילים כמעט קלאָר געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס מלחמה: זיי זענען געווען גע־וווינט צו מאַשין־געווער, מינען־וואַרפער, דזשיפּ־האַרמאַטן און באַזוקעס. אָבער די נייע פאַרטיידיקונגס־מיטלען און דער געדאַנק וועגן א שוידערלעכן אומבאַקאַנטן וואָפן, האָט פאַרשטאַרקט זייער שפּאַנונג. די מיליטערישע באַטאַליאָן־דאָקטוירים האָבן דע־מאָנסטרירט ווי אַזוי מען באַנוצט זיך מיט די גאַז־מאַסקעס און די איינשפּריצונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אין די טאַשן.

אַרום 10 פרי האָט זיך געמערקט אַן אויפלעבונג אויף אין יענע גרופּעס, וואָס האָבן ביז איצט גערוט. גרויסע מאַפּעס זענען צוגעפּעסטיקט געוואָרן צו האָלץ־טאָוולען און די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן האָבן גענומען אויפקלערן די חיילים די קאַמפּס־פּלענער.

הונדערטער באַוואָפנטע זעלנער זענען געשטאַנען ענג צו־זאַמענגעדריקט און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די אָנווייַ־זונגען פון זייערע קאָמאַנדירן. זיי וועלן די נאַכט דורכפירן אַ דע־סאַנט ווייט פון דער גרינער גרענעץ — די גרענעץ צווישן מצרים און ישראל — אויף זאַמד־דיונעס. אַ סך פון זיי זענען צענדליקער מאָל שוין געשפּרונגען פון עראָפּלאַנען מיט פּאַראַשוטן בעת זייערע איבונגען בייטאָג און ביינאַכט. דאָס רוב פון זיי זענען זינט יאָרן אויסגעאיבט געוואָרן צו דער דאָזיקער מלחמה. פיל פון זיי האָבן אָנטייל גענומען אין די רעוואַנזש־אַקציעס פון די פּאַראַשוטיסטן. אָבער פאַר דער מערהייט איז דאָס געווען זייער ערשטער קאַמפּס־דעסאַנט. זיי זענען, בכן, געווען אויפמערקזאַם, אָנגעשפּיצט און געשפּאַנט.

יוסי, דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, האָט מיט זיין ברייטער, פון זון־פאַרברוינטער האַנט, אָנגעוויזן ווי אַזוי די קאָמפּאַניעס דאַרפן זיך גרופּירן אויפן באָדן נאָכן אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד. פון

די אַלגעמיינע אויפקלערונגען וועגן דער אַטאַקע איז מען אַריבער אויף די טעכנישע פּרטים. דער אָפּעראַציע־אָפיציר פון באַטאַליאָן האָט אויפגעקלערט פאַר די גרופּעס חיילים, וואָס האָבן געזאָלט אַרויספליען פריער מיט אַ העליקאָפּטער און נאָך ביי טאָג־ליכט אָפּמערקן דעם שטח, ווו דער דעסאַנט זאָל זיך אַרויסזעצן, וועלכע סימנים זיי זאָלן געבן די דעסאַנט־כוחות. דער גורל פון דעסאַנט הענגט־אָפּ פון די דאָזיקע סימנים פאַר די דעסאַנט־באַטאַליאָנען, וועלכע וועלן זיך אַראָפּלאָזן אין דער פינצטער. נאָך דעם, ווי אַלע זענען שוין געווען גרייט צום דעסאַנט האָט מען פאַראָרדנט די חיילים צו לערנען זייערע אויפגאַבן, די ריכטונג פון זייערע אַטאַ־קעס, די צוגאַנגס־וועגן און ווו עס געפינען זיך די פיינטלעכע כוחות, און וואַרטן ביזן אָפּפלי פון די עראָפּלאַנען. אין דער זעל־בער צייט זענען אויך אינסטרואירט געוואָרן די אַנדערע באַטאַל־יאָנען פון יוסי פ. און עוזי ע.

נאָכן אויסהערן אַלע אינסטרוקציעס האָבן זיך די קאָמפּאַניעס פונאַנדערגעשפּרייט צווישן די בוימער. איצט, נאָך 10 טעג פון וואַרטן — „די רומפּולע טעג״, ווי עס האָט זיי אָנגערופן דער מצרישער זשורנאַליסט כאַסנין הייכאַל — איז סוף־כל־סוף געווען קלאָר, ווו זיי וועלן פאַרברענגען די נאַכט. אַ טייל קעמפער, וואָס האָבן זיך שוין באַפרייט פון שטודירן דעם שטח און זייערע צילן, האָבן זיך אַוועקגעזעצט איבערכאַפּן דאָס האַרץ. זיי האָבן אַרויס־גענומען קאָמפּס־ראַציעס איינגעוויקלט אין טונקעלע קאַרטאָן־שאַכטלען, כאַלווע און פושקעס מיט קאָנסערווירטע פּרוכטן. אַנדערע האָבן אָנגעפילט זייערע טאַשן מיט צוקערלעך. זיי האָבן געוווּסט, אַז ביינאַכט, אויף דעם זאַמדיקן שטח, וועלן זיי גוט צונוץ קומען.

די שעהן זענען געלאָפן גיך, גיך. די ראַדיאָ־ידיעות האָבן נישט צוגעהאָלפן צו שאַפן אַ גוטע שטימונג. די שטימען פון אַ פאָלק, וואָס פאַרטיידיקט זיך האָבן געערעדט פון די טראַנזיס־טאָרן. דער מצרישער פיינט האָט אַטאַקירט. אין דרום קומט־פאָר אַ מלחמה פון טאַנקען קעגן טאַנקען. אין דער לופט, איבער דער גרענעץ, קומען פאָר קאַמפן צווישן עראָפּלאַנען. דער פאַרטרעטער פון בריגאַדע־קאָמאַנדיר, משה ס. האָט צוזאַמענגערופן די באַ־טאַליאָן־קאָמאַנדירן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ צוזאַמענגעדריקט שטיקל פּאַפּיר. בעת איינעם פון זיינע פּרימאָרגן־באַזוכן אין הויפּט־שטאַב, האָט ער אויפגעצייכנט די צאָלן פון די מצרישע עראָפּלאַנען, וואָס זענען פאַרניכטעט געוואָרן. די דאָזיקע ידיעות האָבן אויפגע־קלערט דעם מצב. דער „נעפּל פון קאַמף״ האָט זיך גענומען פונאַנ־דערגיין און דאָס בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט איז געווען אַן אַ

שיעור אַ בעסערער, ווי מ׳האָט זיך עס פאַרגעשטעלט פון ראַדיאָ. די ידיעות זענען איבערגעוויזן געוואָרן די חיילים און פרייד־אויס־געשרייען האָבן זיך דערהערט פון איין עק פּרדס ביזן צווייטן.

אַרום מיטאָג־צייט האָט זיך פּלוצים געענדערט די טראַסע פון די אָפּפליענדיקע עראָפּלאַנען. דאָס מאָל זענען זיי אָפּגעפלויגן אויף מזרח, אין דער ריכטונג פון ירדן. עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ירושלים ווערט באָמבאַרדירט און עס ווערן אויך באָמבאַרדירט די ישובים, וואָס געפינען זיך לענגאויס דעם צענטראַלן פראָנט. דאָס ירדנישע מיליטער האָט גענומען צו ערנסט די מיליטערישע אָפּ־מאַכן מיט מצרים. די פאַראַשוטיסטן האָבן פאַרשטאַנען פון דעם, אַז ביז אין די אָוונט־שעהן, וועט זיי וועלן אריינגיין אין די „נאָרד״־עראָפּלאַנען, שטייט זיי נאָך פאַר אַ סך איבעראַשונגען. 2 נאָך מיטאָג, איז אַדורך אַ קלאַנג איבערן שטח פון לאַגער, אַז דער באַטאַליאָן 6, יוסיס באַטאַליאָן, גייט אויף ירושלים. צווישן די פאַראַשוטיסטן האָבן זיך דערהערט אויסרופן פון אַנטוישונג, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיי וועלן ביינאַכט נישט דורכפירן דעם דעסאַנט. זייערע חברים פון די אַנדערע באַטאַליאָנען האָבן זיך געהאַלטן אין אַ זייט, כדי נישט אַרויסצורופן דעם כעס ביי די אַנטוישטע פאַראַשוטיסטן. אָבער די קאָמפּאַניע־קאָמאַנדירן האָבן נישט געגעבן קיין צייט לאַנג צו טראַכטן. זיי האָבן אונטערגעאיילט די קעמפער, זיי זאָלן אַריינגיין אין די אויטאָבוסן. זיצנדיק אויף די בענק און צווישן די בענק פון אויטאָבוס, זייער קאַמפּס־אויסשטאַטונג אָנגעהויפט אין אַ ווינקל, האָבן זיי געקוקט מיט קנאה אויף זייערע חברים, וואָס זענען געבליבן נעבן די פאַראַשוטן.

די אויטאָבוסן־קאָלאָנע האָט זיך געלאָזט אין וועג. אויפן אָרט, וווּ עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער באַטאַליאָן 6, זענען נאָר פאַרבליבן ברוסט־זעק פול מיט אַמוניציע — וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַרן ביינאַכטיקן דעסאַנט אין דער טיף פון סיני־שטח. אויך דער שטאַב פון דער בריגאַדע האָט נאָך נישט געוווסט גענוי דעם מצב. „מאָטע״, דער קאָמאַנדיר, האָט נישט אויסגעזען צו זיין גליקלעך. דער פאַקט, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען אַ באַ־טאַליאָן האָט אים אַריינגעפירט אין אַ שלעכטער שטימונג. פאַר־שטייט זיך, אַז די שאַנסן פון אַרויסזעצן אַ נאַכט־דעסאַנט האָבן זיך פאַרקלענערט.

די אָפּשאַצונג פון הויפּט־שטאַב האָט זיך אָנגעהויבן צו ענ־דערן. אין די באַפעלן פון פאַרטיידיקונגס־כאַראַקטער וואָס זענען געגעבן געוואָרן דעם „פּיקוד המרכז״, איז אַריינגעטראָטן אַן ענדערונג. דער אַלוף עוזי נרקיס, דער קאָמאַנדיר פון „פּיקוד

המרכז״, האָט אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און געבעטן דעם פּאַרטרעטער פון שעף פון גענעראַל־שטאַב, דעם אַלוף חיים בר־לב.ביידע האָבן זיי אַ קורצע ווײַלע געשמועסט און „מאָטע״ האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם שטאַב. נאָך אויף זיין וועג אַהין, האָט „מאָטע״ באַקומען אַ פאַראָרדענונג איבערצו־שיקן נאָך 2 באַטאַליאָנען קיין ירושלים — דאָס הייסט די גאַנצע בריגאַדע. אין גענעראַל־שטאַב האָט זיך „מאָטע״ דערוווסט, אַז היינט ביינאַכט וועט קיין דעסאַנט נישט אַרויסגעזעצט ווערן. סיני האָט אים איצט אויסגעזען צו זיין נאָך ווייטער ווי שטענדיק.

# די לעגיאָנערן

אין דער צייט וואָס די פּאַראַשוטיסטן האָבן זיך געפונען אויף זייער וועג קיין ירושלים, האָבן שוין די בריגאַדעס פון אַראַבישן לעגיאָן אַנטיילגענומען מיט זייער פולער קראַפט אין דער מלחמה. די ירדנישע אַרטילעריע האָט פון אירע האַרמאַטן געצילט אין האַרץ פון די ישׂראלדיקע גרענעץ־ישובים. אין די פרימאָרגן־שעהן, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אין דרום, האָבן נאָך מומחים געטענהט, אַז „דער קעניג וועט נישט אַריינטרעטן אין דער מלחמה״. כוסיין, דער דרייסטער קעניג פון ירדן, האָט ביזן 5־טן יוני מצליח געווען זיך דורכצושאַרן דורך די שווערע טראָפּנס, נישט ווערנדיק פאַרנעצט. אפילו דער פאַקט, וואָס אַ פּאָר טעג פריער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו דעם אַל־אַראַבישן כאָר, איז אויף דער ישׂראלדיקער זייט פון דער גרענעץ פאַרצייכנט געוואָרן ווי א נויטווענדיקער פּאָליטישער שריט אין די אומשטענדן, וואָס האָבן זיך געשאַפן. ער, וואָס האָט אָפּגעחוזקט פון מצרישן הער־שער, געדריקט אויף אים, ער זאָל באַזייטיקן דעם אונ״אָ־כוח און בלאָקירן דעם טיראַן־אויסגוס — האָבן געטענהט קאָמענטאַטאָרן — האָט אין די דאָזיקע גורלדיקע טעג געמוזט זיך אָנשליסן צו דער תקיפותדיקער ליניע פון מצרים, ווען נישט וואָלט ער פאַר־בליבן ביי דער מאכט בלויז געציילטע טעג.

אָבער דער אמת איז, אַז ווען כוסיין איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן פון שנאה, האָט ער שוין נישט געהאַט קיין צוריקוועג און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאַריאָנעטקע פון מצרישן הער־שער. אַ הויכער מצרישער אָפיציר מיטן נאָמען עבד־אַל־מונעם ריאַד, דער געוועזענער שעף פון פאַראייניקטן אַראַבישן שטאַב, איז געבראַכט געוואָרן קיין רבת עמון, וווּ ער האָט איבערגענומען די אָנפירונג איבערן ירדנישן מיליטער. נאָך מער, צוויי טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, זענען קיין ירדן אַריבערגעפירט געוואָרן צוויי פון די סאַמע בעסטע קאָמאַנדאָ־באַטאַליאָנען פון מצרים און זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן נעבן דער גרענעץ מיט ישׂראל. מיליטערישע ספּעציאַליסטן האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, וועלכע אויפגאַבן עס זענען באַשטימט פאַר די קאָמאַנדאָ־באַטאַליאָנען בשעת דער מלחמה.

א באוועגונג פון מיליטער איז פאָרגעקומען אויף דער זייט פון דעם גאנצן מערבדיקן ירדן־ברעג. דאָס ירדנישע פאנצער־מיליטער האָט זיך גערוקט אויף מערב, אין דער ריכטונג פון ירדן־טאָל. אַ טייל פונעם מיליטער איז פאָראויסגערוקט געוואָרן אויפן בארג־רוקן. די האַרמאַטן פון די נייע „פאטאָנען", וואָס ירדן האָט באקומען פון אמעריקע ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, האָבן געפינקלט אין ליכט פון דער ברענענדיקער זון און האָבן געדראָט איבערצושניידן ישראל. אויף פאר פופצן טויזנט איראקישע זעלנער איז געעפנט געוואָרן דער וועג צו דעם מערב־ברעג, און אפילו סאודישע כוחות פון מזרח זענען פאַרבעטן געוואָרן זיך אָנצושליסן צום „שפּאַציר קיין תל־אביב". עס האָט אויסגעזען, אַז צום ווייניקסטנס איז געווען דערפון גליקלעך דער ירדנישער קעניג גופא. פון זיין פראקטיק אין גרענעץ־אינצידענטן מיט ישראל, האָט ער געלערנט, אַז דער צוגעזאָגטער „פרימאָרגן־שפּאַציר" איז עלול זיך צו פאַרענדיקן מיט א קאטאסטראָפע אויף זיין מלוכה.

אין ירושלים האָבן חיילים, וואָס זענען אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן אויף אָבסערוואציע־פּאָזיציעס, געזען די באוועגונג פון ירד־נישן מיליטער אויף זייערע פּאָזיציעס נעבן דער שטאָטישער גרע־נעץ. די דאָזיקע פּאָזיציעס — אין א סך ערטער פון דער צעטייל־טער שטאָט — זענען אויסגעבויט געוואָרן בלויז געציילטע מע־טערס פון די פענצטער פון ישראלדיקע ווויִן־הייזער. אין די פריי־מאָרגן־שעהן האָבן זיך לעגיאָנערן באזעצט אין די בונקערס פון די פאָרטיפיקאַציעס, אין די שוץ־קאַנאַלן און בלויז זייערע שטאָל־העלמען אָדער זייער רויטע קאָפּ־באַדעקונג, האָבן זיך געזען אויפן פאָן פון די פאָרטיפיקאַציעס. די באוועגונג פון ציווילע בירגער איז אויף דער ירדנישער זייט פון ירושלים כמעט פולשטענדיק אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אָבער כאָטש מען האָט אין ישראל געהאלטן, אז ירדן וועט זיך נישט אָנשליסן צו דער מלחמה, איז דער גענעראל־שטאָב פון צה"ל געווען גרייט זיך אקעגנצושטעלן יעדער צרה. די בריגאדע פון ירושלימער קרייז האָט זיך צוגעגרייט צו אַ פאַרטיידיקונגס־קאַמף, מיטן ציל צו טאָרמאָזירן דעם לעגיאָן, אויב ער וועט אטא־קירן. אַ פאַנצער־בריגאדע איז געשטאַנען גרייט אין פלאַכלאנד אריינצוגיין אין קאַמף אין משך פון א קורצער צייט — אויב די אומשטענדן וועלן עס פאָדערן, קעגנאיבער די דאָזיקע צוויי בריגאַ־דעס און די שיטערע פאַרפעסטיקונגען פון דער יידישער ירושלים, ווי אויך לענגאויס דער פארטיידיקונגס־ליניע פון די גרענעץ־ישובים, זענען אין פרימאָרגן פון 5־טן יוני געשטאַנען זיבן פון די ניין בריגאַדעס פון דער ירדנישער ארמיי.

אין אָט דעם פרימאָרגן פון מלחמה זענען די פּאָזיציעס פון די לעגיאָנערן־בריגאַדעס געווען אָפּגעצייכנט אויף די מאַפּעס פון ישראלדיקן געהיים־דינסט מיט אַ פאַרבליפנדיקער גענויקייט. פיר פון די זיבן ירדנישע בריגאַדעס זענען געווען גרופּירט צו די קאַמפן אין ראַיאָן פון ירושלים. איין בריגאַדע איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די פּאָזיציעס לענגאויס די דערפער, צפונדיק פון דער הויפּט־שטאָט, און לענגאויס דעם צפון פון קאָרידאָר. אַן אַנדע־רע בריגאַדע — אין ראַיאָן פון גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ, ווו עס האָט זיך אויפגעהאַלטן דער שטאַב פון די אונ"אָ־אָבסערוואַטאָרן, דרום־דיק פון באַרג־קייט. נאָך אַ בריגאַדע — אויף דער ירדנישער, שטאָטישער פּאָזיציע־ליניע אין ירושלים. אַ פערטע בריגאַדע האָט פאַרנומען פּאָזיציעס צווישן ירושלים און מעלה־האדומים. עס איז געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע רעזערוו־בריגאַדע איז באַשטימט פאַר די קאַמפן אין שטאָט גופא. אין סך־הכל האָבן די זעלנער פון לע־גיאָן געציילט אין דעם פרימאָרגן, איבער צען טויזנט קעמפער. צוויי קאָמפּאַניעס פון „צענטוריאָן"־טאַנקען זענען געווען גרייט יעדע מינוט אַרויסצופאָרן צום באַרג־רוקן, בלויז אַ קורצער מהלך פון דער פאָרשטייענדיקער קאַמפּס־אַרענע. אַ פּאַנצער־בריגאַדע פון לעגיאָן, וואָס האָט פאַרמאָגט אויך טאַנקען פון טיפּ „פּאַטאָן", האָט זיך קאָנצענטרירט אין יריחו־טאָל, אויף דער אַקס, וואָס פירט קיין ירושלים.

די גענויע גרופּירונג פון די ירדנישע כוחות אין דער פרי פון ערשטן מלחמה־טאָג האָט בכן, אויסגעזען אַזוי: אין דער ראַדאַר־פּאָרטיפיקאַציע, וואָס איבערן קיבוץ מעלה החמישה — צוויי אָפּ־טיילונגען. אין דער פּאָרטיפיקאַציע שייך עבדול עזיז — צוויי אָפּ־טיילונגען. אויף דער פּאָזיציע נבי סמואל, וואָס קוקט אַריין אין האַרץ פון דער הויפּט־שטאָט — איין קאָמפּאַניע. אויפן הר ציון, אין אבו־טור און אין ארמון הנציב — דריי קאָמפּאַניעס.

אין דרומדיקן ראַיאָן פון ירושלים האָבן זיך די ירדנישע כו־חות גרופּירט אַזוי: דרומדיק פון ארמון הנציב, לענגאויס די דער־פער — אַ בריגאַדע. אויף די פּאָרטיפיקאַציעס צור באַהאר — אַ פאַרשטאַרקטע קאָמפּאַניע. אויף דער פּאָרטיפיקאַציע מר אליאס, קעגנאיבער רמת רחל — צוויי פאַרשטאַרקטע קאָמפּאַניעס. די דריטע בריגאַדע, איינע פון די סאַמע בעסטע און דערפאַרנסטע בריגאַדעס פון דער ירדנישער אינפאַנטעריע, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין ירושלים גופא, גרייט צו אַן אָנפּענסיווע־שפּרונג אין פאַל ווען דאָס וועט זיין נויטיק.

אין די פּאָרטיפיקאַציעס דרומדיק פון דער שטאָט האָבן די ירדנער אַוועקגעשטעלט פאָלגנדיקע כוחות: אין דער פּאָרטיפיקאַ־

ציע תל־אל־פול — צוויי אָפּטיילונגען. אויף דעם פראַנצויזישן בערגל — איין קאָמפּאַניע. אויף דער באַרג־קייט פון שועפּת — צוויי אָפּטיילונגען. אויף גבעת המיבתר — צוויי אָפּטיילונגען. אין דער פּאָליציי־שול, געציילטע מעטערס פון די נייע שיכונים אין דער יידישער ירושלים — אַ פאַרשטאַרקטע קאָמפּאַניע פון 150 זעלנער.

צוויי אָפּטיילונגען זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעם „אמוניציע־בערגל", אַ קליינע פאָרטיפיקאַציע, וואָס האָט פּאַקטיש פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם נויטיקן שטח פאַר דער פּאָליציי־שול. די שוץ־קאַנאַלן פון אָט דער פאָרטיפיקאַציע זענען שפּעטער, אין גאַנג פון דער מלחמה, געוואָרן די סאמע בלוטיקסטע קאמף־ארענע אין ירושלים. פון דעם פּאָליציי־בנין ביזן מאנדעלבוים־דורכגאנג האָט זיך אויסגעשפּרייט א ווייטערדיקע קאָמפּאַניע. פון מאנדעלבוים־דורכגאנג ביז די מויערן פון אלט־שטאָט — נאָך אַ קאָמפּאַניע. צווישן די שיס־לעכער פון די מויערן ארום דער אלט־שטאָט איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אַ קאָמפּאַניע. אין דער זעלבער צייט איז די ירדנישע איינוווינער פון דער אלט־שטאָט פאַרטיילט געוואָרן געווער.

אין דער טיף פון ירדנישן פלאַצדאַרם אין מזרח, נעבן קרייץ־וועג עזריה, האָט פארנומען פּאָזיציעס א באטאליאָן פון פוסגייער־מיליטער פון דער 27־טער בריגאַדע. די זעלנער פון אָט דעם באטאליאָן האָבן די פּאָזיציעס פארשטארקט 2 טעג פארן אויסברוך פון די קאמפן. כוסיין האָט נאָך יענעם גורלדיקן פרימאָרגן נישט געוווסט אויף זיכער, צי ער וועט טאַקע אַריין אין דער מלחמה, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף נסים. אַ סך פון זיינע קעמפער, דער עיקר פון אָפּשניט ארום דעם ארמון הנציב, האָבן געהערט צו די רעקרוטן־אָפּטיילונגען, וואָס זענען אויסגעאיבט געוואָרן איינִיקע חדשים פריער — בלויז אַ קורצע תקופה. זיי זענען מאָביליזירט געוואָרן צו דער „הייליקער מלחמה" און זענען געבראַכט געוואָרן צו די פּאָדערשטע ליניעס איינִיקע טעג פאַרן אויסברוך פון די קאַמפן.

דער גענעראַל־שטאַב פון צה"ל האָט געוווסט, אַז אין פאַל ווען ירדן וועט אַריין אין דער מלחמה, וועט עס זיין אַ שווערע און אכזריותדיקע קאַמפס־אַרענע. די לעגיאָנערן האָבן אין פריערדיקע קאַמפן באַוויזן, אַז זיי זענען גוט אויסגעאיבט, מוטיקע און דרייסטע קעמפער. די לעגיאָן־אָפּטיילונגען זענען אויסגעשולט געוואָרן לויט די בעסטע טראַדיציעס פון ענגלישן מיליטער. די זעלנער, אַ סך פון זיי פּאַלעסטינער, זענען דערצויגן געוואָרן צו

אַ פלאַמיקער שנאה כלפי אַלץ, וואָס קומט פאָר מערבדיק פון זייער גרענעץ.

נאָך אַ שוועריקייט איז געווען פאַרבונדן מיט דער מלחמה קעגן לעגיאָן, דער טאָפּאָגראַפישער שטח. להיפוך צו די פליינען אין מדבר סיני — האָט צה״ל געדאַרפט געפינען אומקאָנווענציאָנעלע לייזונגען פאַר דער מלחמה אין דער באַרגיקער געגנט, וווּ עס איז זייער לייכט צו בלאָקירן לעבנסוויכטיקע קאָמוניקאַציע־אַקסן. דאָס איז אַ געגנט, וווּ עס איז מעגלעך צו קעמפן פאַר איטלעכן בערגל, פון הינטער איטלעכער באַרג־קייט און אין יעדן פון די ישובים־פונקטן.

דער פאַקט, וואָס כוסיין האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט „ערן־זאלפן״, כדי איבערצוצייגן מצרים, אז ער איז טאקע א שותף צום קאמף נאָר איז אריין אין דער מלחמה מיט זיין גאַנצן כוח, איז באַקאַנט געוואָרן ערשט דאַן, ווען עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען די ידיעות וועגן דער שווערער באָמבאַרדי־רונג לענגאויס דעם גאַנצן ירדנישן פראָנט. די גרענעץ־ישובים האָבן אין יענעם טאָג באַקומען די ערשטע, שווערע פּאָרציע בליי. די שטאָט ירושלים איז אויף אַ נאַטירלעכן אופן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער עיקרדיקער קאַמפּס־אַרענע. אין דער זעלבער צייט האָט זיך דערוועקט אַן ערנסטער פּאַרדאַכט, אַז די פלי־פעלדער, וואָס זענען אַזוי לעבנסוויכטיק, דער עיקר אין ערשטן מלחמה־טאָג, וועלן געטראָפן ווערן דורך די ווייט־גרייכנדיקע האַרמאַטן, וואָס געפינען זיך אין ירדן. „האַנטער״־עראָפּלאַנען, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן פון פלי־פעלדער אין ירדן, האָבן באַשעדיקט דאָס פלי־פעלד נעבן כפר סירקין און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די מורא אין דעם ענין. ראַדיאָ ראַמאַללאַ האָט 12 אַזייגער בייטאָג מיטגעטיילט, אַז הר הצופים איז דעראָבערט געוואָרן דורך די ירדנישע כוחות. אָבער די כוונה פון די ירדנישע אָפיצירן צו אַטאַקירן דעם ישראלדיקע טייל פון הר הצופים איז נאָך באַוווּסט געווען פריער. איצט איז געווען נויטווענדיק אַרי־בערצופירן כוחות קיין ירושלים, כדי צו פאַרמיידן זייערע בייזע צילן.

צי האָט כוסיין פאַרלוירן די שליטה איבער זיין אַרמיי שוין אין אָנהויב פון דער מלחמה, די דאָזיקע פראגע וועט פאַרענט־פערט ווערן ערשט דאַן, ווען דער קעניג וועט האַלטן, אַז עס איז געקומען די צייט אויפצודעקן די מאָטיוון, וואָס האָבן אים גע־שטויסן, אָדער געצווונגען צו רעאַליזירן די דראָאונג פון אַן אַלגעמיינער אַראַבישער אָפענסיווע אויף די גרענעצן פון ישראל.

די פיינטלעכע מיליטערישע גרופירונג קעגנאיבער די פילבאַרע סטראַטעגישע פּאָזיציעס פון ישראל איז געווען פולשטענדיק קאָמפּלעטירט דעם 5־טן יוני. דער „פּיקוד המרכז״ איז געוואָרן אַקטיוו ערשט אין דעם מאָמענט, ווען עס האָבן זיך אַנטפּלעקט די אָנגרייפערישע כוונות פון לעגיאָן. גיך איז געענדערט געוואָרן די פאַרטיידיקונגס־דיסלאָקאַציע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו צוימען די אַטאַקירנדיקע ירדנישע כוחות און זי האָט אָנגענומען אַ בולטן אָפענסיווע־כאַראַקטער. די פאַנצער־בריגאַדע אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פון אורי בן־ארי האָט זיך פון טאָל געלאָזט צום שטח פון דעם מערב־ברעג, צום האַרץ פון די ירדנישע פאָר־טיפיקאַציעס.

# דער טאָג פון ירושלים

די מלחמה פון די ירושלימער איינוווינער האָט זיך אָנגעהויבן נאָך איידער עס האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן די ערשטע באָמבעס פוןביידע זייטן גרענעץ. די שטאָט, וואָס איז 19 יאָר געווען צעטיילט און צעשניטן דורכן שונא, האָט זיך נישט געצויטיקט אין גרויסע ענדערונגען, כדי צו זיין גרייט צו דעם אָנקומענדיקן.

אין די ירושלימער גאַסן האָבן זיך אַרומגעדרייט, זינט איי־ניקע טעג, חיילים, וועלכע האָבן אויסגעפילט די קאפעען און רעסטאָראַנען. אויטאָס פון כאַקי־קאָליר זענען אַרומגעפאָרן אַהין און צוריק. זייערע שאָפערן פלעגן אַדורכפאָרן די גאַסן, נישט אכט־געבנדיק אויף די גאסן־סיגנאלן און פארקער־אָנווייזונגען. די מזרחדיקע שטאָט־פעריפעריעס זענען געווען פאַרצוימט, נאָך זינט דער אומאָפּהענגיקייטס־מלחמה מיט שטעכל־דראָט, וואָס איז שוין געווען פאַרזשאַווערט און מיט דיקע בעטאָן־ווענט, אין וועלכע עס זענען געווען אויסגעהאַקט שיס־לעכער. דורך די קליינע לעכער האָט מען לייכט געקאָנט אָבסערווירן די „אַנדערע שטאָט”. איצט איז דער מזרחדיקער ראַיאָן פול מיט זעלנער און איינוווינער. אין די „פילבאָקסן” פון ביידע זייטן שטאָט־גרענעץ זענען געלעגן אויף זייערע פּאָזיציעס וועכטער אין שטאָל־העלמען, מיט זייערע פינגער אויפן צינגל פון געווער. פרויען זענען איילִיק געגאנגען מיט די טראָטואַרן צום מאַרק פון מחנה־יהודה, וועלכער איז געווען פול מיט מענטשן. די אַלטגעזעסענע איינוווינער פון שטאָט האָבן שוין פאַרזוכט דעם טעם פון בלאָקאַדע, דעם מאַנגל אין וואַסער און שפּייז. זיי האָבן דעריבער זיך באַמיט צו פאַרזאָרגן זייערע היימען, אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך, מיט די לעבנסוויכטיקע אַר־טיקלען. אונטער די פענצטער פון די הייזער, דער עיקר פון די, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער גרענעץ־ליניע, קעגנאיבער די פּאָזיציעס פון לעגיאָן, אויף אַ מרחק פון 20 ביז 30 מעטער פון די פיינטלעכע שיס־לעכער, זענען צוגעקומען זעק מיט זאַמד, נייע פאַרצוימונגען זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן האַרט נעבן די פאַר־זשאַווערטע שטעכל־דראָט־פאַרצוימונגען.

דער אָנקומענדיקער מלחמה־ריח האָט אויסגעפילט דעם חלל

פון דער שטאָט. דעם 15־טן מאי האָט ירושלים געפייערט דעם יום־העצמאות און אויף אירע גאסן איז פאָרגעקומען דער טראדי־ציאָנעלער מיליטערישער פאראד. אין יענער נאכט האָבן די מוסולמענישע איינוווינער פון דער אַלט־שטאָט געקוקט מיט קנאה אויף די ליכט־בלומען, וואָס דאָס פייערווערק האָט פארפלאנצט אויפן הימל. אָפיצירן פון לעגיאָן זענען געלאָפן צו די פּאָזיציעס, אויף די מויערן פון דער אלט־שטאָט און באטראכט מיט זייערע בינאָקלען די פוסגייער־איינהייטן, וואָס האָבן מאַרשירט אויף די גאַסן פאַר די אויגן פון דעם יובלדיקן המון. איצט האָט אַ סך פון די ירושלימער איינוווינער זיך געדאַכט, אַז די פייערונגען זענען פאָרגעקומען מיט אַ יאָר צוריק — און אפשר מער. יעדע נאַכט זענען מענער אַרויס פון זייערע היימען צו די קאָנצענטרירונגס־פלעצער, וואָס זענען פאַר זיי באַשטימט געווען לויט דעם מאָבי־ליזאַציע־פּלאַן פאַר רעזערוויסטן. פאַרטאָג פלעגן זיי צוריקקומען אין זייערע הייזער אָנגעטון אין כאַקי־קליידער און באַוואָפנט. די קינדער אין די גרענעץ־קוואַרטאַלן האָבן זיך ווייטער געשפּילט אין „מלחמה־שפּילן״ — אָבער דאָס מאָל האָבן זיי זיך געהיט נישט צוצוגיין צו די פאַרצוימונגען. אויך זיי האָבן געפילט, אַז די טעג זענען נישט אזוי ווי געווען.

און טאַקע, דאָס אָרט, וו די קינדער פלעגן דורכקריכן דורכן אויפגעריסענעם פאַרקאַן, כדי צוריקברענגען אַ באַל, וואָס האָט זיך פאַרקייקלט אויף יענער זייט גרענעץ, איז דאָס מאָל געווען פאַר זיי פאַרווערט. די מאַמעס האָבן זיך באַמיט צו פאַרשליסן זייערע קינדער אין די הייזער, הינטער די פארמאכטע לאָדנס, וואָס זענען געווען זייער אַ שוואַכע שוץ, אַפילו קעגן ביקסן־קוילן. קאָלאָנעס מיליטער זענען געגאַנגען פון פלאַכלאַנד צו דער שטאָט. אַמוניציע און אויסשטאַטונג זענען געשיקט געוואָרן צו די פאָדערשטע פּאָזיציעס.

זייער ווייניק פון די ירושלימער איינוווינער האָבן פאַרלאָזט די שטאָט ערב דער מלחמה. אלע יאָרן זענען די דאָרטיקע איינ־ווינער זייער פילבאר צו די זיכערהייטס־פּראָבלעמען פון זייער שטאָט און איצט האָבן זיי פעסט באַשלאָסן, אז זיי וועלן די שטאָט נישט פארלאָזן. אין די שפּיטאָלן „הדסה״ און „ביקור חולים״ זע־נען געמאכט געוואָרן פיבערהאפטע צוגרייטונגען. קראנקן־שוועס־טער אין ווייסע קליידער זענען ארומגעלאָפן אין די קאָרידאָרן. דאָקטוירים האָבן אָפּגעהאלטן זיצונגען. אַנדערע האָבן צוגעגרייט די אָפּעראַציע־צימערן פאַר אויסנאַם־צייט. אין ירושלים זענען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז עס וועלן זיין אַ סך קרבנות.

דעם 1־טן יוני איז פאַרענדיקט געוואָרן די גרופּירונג פון די מיליטערישע כוחות אין דער שטאָט. די בריגאַדע פון ירושלימער קרייז איז געווען גרייט צו באַגעגענען אַן אָנגריף. פוסגייער־באַטאַליאָנען און באַטאַליאָנען פון אָרטיקן גאַרניזאָן, וואָס זענען באַשטאַנען פון עלטערע מענטשן, האָבן געשאַפן דעם גרונט־כוח פון דער ירושלימער בריגאַדע. קליינע, פאַרהעלטנישמעסיק, אייניהייטן פון אַרטילעריע, טאַנקען און אינזשיניעריע־מיליטער, זענען באַשטימט געוואָרן אויף צו העלפן די פוסגייער. עטלעכע טויזנט הג״א־מענטשן *) האָבן געפּרווט פאַרן אויסברוך פון די קאַמפן צו פאַרשטאַרקן כאָטש עטוואָס, לויט זייערע בעסטע מעגלעכקייטן, די שיטערע פאַרפעסטיקונגען פון ירושלים. די קאָמאַנדירן פון אָט די כוחות זענען געווען איבערצייגט, אַז ירושלים וועט באָמבאַרדירט ווערן, און דערפאַר האָבן זיי אונטערגעאיילט זייערע מענטשן, זיך מער איינצוגראָבן אין די ערטער, וווּ עס האָבן געפעלט מקלטים. ביז דעם 15־טן מאַי — אַ טאָג, ווען די מלחמה האָט אויסגעזען צו זיין זייער ווייט — זענען געווען גענוג מקלטים בלויז פאַר אַ העלפט פון די איינוווינער פון דער שטאָט. דער ירושלימער בירגערמייסטער, טעדי קאָלעק, האָט דערקלערט, אַז די איינוווינער וועלן באַקומען אומזיסט זאַמד. און באמת, די איינוווינער האָבן געוווּסט ווי אויסצונוצן די קופּעס געלן זאַמד וואָס איז אָנגעקומען פון דער שפלה אויף לאַסט־אויטאָס. זיי האָבן זיך פאַרפעסטיקט, געגראָבן גראַבנס און גריבער אַרום די הייזער און גערטנער.

אַ טאָג פאַר דעם ווי משה דיין איז נאָמינירט געוואָרן אַלס זיכערהייטס־מיניסטער, איז ער, לויט זיין בקשה, דערשינען אויף אַן אינספּעקציע אין ירושלימער אָפּשניט און האָט זוכה געווען צו אַ רירנדן קבלת־פּנים מצד די איינוווינער פון דער שטאָט. מיט מי האָט ער זיך דורכגעשניטן זיין וועג דורך דעם גרויסן המון. ער האָט זיך אויף אַ קורצער צייט געטראָפן מיטן קאָמאַנדיר פון קרייז, אלוף משנה אליעזר אמיתי, כדי צו טרינקען אַ גלאָז טיי אין אַ רעסטאָראַן נעבן דעם בית ההסתדרות. דער רעסטאָראַן־אייגנטימער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט פאַר דער טיי. אַ פרוי האָט זיך אַרויסגעריסן פון צווישן המון, געדריקט מיט געריכטקייט די הענט פון דעם געוועזענעם שעף פונעם גענעראַל־שטאַב. די בירגער פון דער הויפּטשטאָט האָבן זיך געניטיקט אין אַביסל דערמונטערונג, כדי צו צעטרייבן זייערע שווערע ספקות. דאָס דערשיינען פון משה דיין האָט זיי אין דער הינזיכט געהאָלפן.

---

*) הג״א — ציווילע פאַרטיידיקונג.

משה דיין איז אַרויף אויף רמת־רחל, באַטראַכט פון דער הויך דעם אָפשניט, דורכגעאנגען לענגאויס דער שטאָטישער ליניע, גע־פאַרשט מיט די בליקן די פּאָזיציעס פון לעגיאָן. דערנאָך, אין א געשפּרעך מיט אלוף נרקיס, האָט דיין אויפגעקלערט, אז ער זאָל זיך נישט ווענדן צום גענעראַל־שטאַב מיט אַ ביטע ווען הילף: די איינהייטן וועלן קריצן מיט די ציין, אָבער וועלן צוימען דעם לעגיאָן. אין דעם מאָמענט האָט מען נאָך געמיינט, אז דער לעגיאָן וועט נישט אריין אין א שלאכט, נאָר וועט פּרווון עטוואָס „אַ גריי־זשע טאָן" די צעטיילטע שטאָט.

דעם 5־טן יוני, 8.15 אזייגער, האָט אָפּגעהילכט דאָס פּייפן פון די אלארם־סירענעס אין ירושלימער גאסן, האָט אַלאַרמירט די איינוווינער אַראָפּצוגיין אין די מקלטים. געציילטע מינוטן נאָך דעם האָט געקלונגען דער טעלעפאָן אין שטאַב פונעם קרייז. גע־רעדט האָט דער גענעראַל פונעם „פּיקוד המרכז", וועלכער האָט געזאָגט דעם ירושלימער קאָמאַנדיר: „די מלחמה האָט זיך אָנגע־הויבן, די אַוויאַציע האָט ביז איצט דערגרייכט גוטע רעזולטאַטן".

די באַטאַליאָנען פונעם גארניזאָן זענען צו יענער צייט געווען אין אורלויב. לויטן מאָביליזאַציע־באַפעל פונעם ראש אג"ם, אלוף עזר ווייצמאַן, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין „קול יש־ראל", האָבן די זעלנער פון אָט די באטאליאָנען זיך גענומען איילן צו זייערע זאמל־פּונקטן. די פּוסגייער־אָפּטיילונגען זענען געשטא־נען אויף דער פאָדערשטער ליניע, און מען האָט זיי געמוזט שנעל טוישן דורך די גארניזאָן־אָפּטיילונגען, כדי זיי אריבערצופירן אין א קאָנצענטראַציע־פּונקט מיטן ציל אָנצווענדן זיי אויף א קאָנ־צענטרירטן אופן, ווען נויטיק, אין די פאַרשידענע אָפּשניטן פון דער שטאָט.

10.15 זייגער — און פאַראַן אזעלכע, וואָס זאָגן עטלעכע מינוט שפּעטער — האָט זיך אָנגעהויבן די שלאכט פאַר ירושלים. נאָך עטלעכע מינוט פון א שטאַרקער ירדנישער באָמבארדירונג איז געווען קלאָר, אז דאָס איז אַן אמתע מלחמה. האַרמאַטן־קוילן האָבן אויפגעריסן אויף די גאַסן און געטראָפן אויף א סיסטעמאַטישן אופן אין שכונות, געשעפטן, הייזער, גערטנער. דעכער זענען איינגעפאַלן מיט א רעש. דאָ און דאָרט איז אין דער שטאָט אויסגעבראָכן א שריפה. „די ליניע האָט אָנגעהויבן לעבן" — האָבן די קאָמאַנדירן פון די איינהייטן גענומען מעלדן דעם שטאַב איינער נאָכן אנדערן. די באָמבארדירונג איז געוואָרן וואָס ווייטער אלץ שטאַרקער. די קאָמאַנדירן פון דער בריגאַדע, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאַגער „שנעלער", ווו עס איז איינגעשטאַנען דער שטאַב פון דער ברי־

טישער ארמיי אין דער צייט פון מאנדאט, זענען געצווונגען גע־וואָרן שנעל אריבערצושפרינגען אין דעם שטאב־פונקט פאר דער צייט פון אויסנאַם־צושטאנד, וואָס איז נאָך צוגעגרייט געוואָרן פון פריער אין א שול אין צענטער פון דער שטאָט: דער לאגער „שנעלער" איז געווען א הויפט־ציל גלייך פון אָנהויב פון דער באָמבארדירונג. אויך ציווילע בירגער זענען געצווונגען געוואָרן אונטער דעם פייער צו פאַרלאָזן זייערע הייזער אין דעם ראַיאָן.

די איינוווינער פון שטאָט האָבן אויפגענומען די באָמבאַרדירונג ווי א זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. אָן בהלה האָבן זיי זיך איינגע־אָרדנט אין די מקלטים, ארויסגענומען זייערע קינדער פון די שולן און זיי געפירט, לויפנדיק איינגעבויגן, צווישן די הייזער צו אַ שוץ־אָרט. אין גענעראַל־שטאב האָט געהערשט א שווערע שטימונג און ס׳זענען געווען שווערע ספקות. אין דרום איז נאָך נישט באַ־קאַנט געוואָרן, צי עס זענען אנטשיידן געוואָרן די שלאכטן אויף דער פאָדערשטער ליניע. די מורא פאר א נייעם פראָנט — טראָץ דעם פאַקט וואָס די מצרישע אַוויאַציע איז שוין פארניכטעט גע־וואָרן אין אָנהויב פון קאמף — האָט נישט געקענט אין דער פאזע דערמונטערן די אָפיצירן פון גענעראַל־שטאב. 12 אזייגער האָט דער ספיקער פון ראַדיאָ קאיר געמאָלדן מיט אַ היסטערישן שאַל פון פרייד, אז דער „דזשעבעל מוקאבער", ד. ה. דער פאַלאַץ פונעם הויך־קאָמיסאַר, איז פארנומען געוואָרן דורך איינהייטן פון לעגיאָן. די איינהייטן אויף די ליניע־פּאָזיציעס זענען אויפגעפאָדערט גע־וואָרן צו קאָנטראָלירן, צי די ידיעה איז ריכטיק. און טאקע 12.30 אַזייגער איז אָנגעקומען אַ באַריכט, אַז אַ קאָמפּאַניע פון לעגיאָן האָט פארנומען דעם פאלאַץ. דער שעף פון שטאב פון די אונ"אָ־אָבסערוואטאָרן, גענעראַל אָד בול, האָט נאָך אין אָט דער פאזע געפּרוווט דערפילן די אויפגאבע פון אַ פאַרמיטלער. אין א מעלדונג, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן צו די ישראלדיקע פאָרשטייער אין דער געמישטער וואָפנשטילשטאַנדס־קאָמיסיע, האָט אָד בול איבערגעגעבן, אז די זעלנער פון לעגיאָן האָבן טאקע פארנומען דעם פאַלאַץ, אָבער ער פירט פארהאנדלונגען מיט זייערע קאָמאנ־דירן וועגן תיכפדיקער עוואַקואַציע.

14.30 אזייגער איז געקומען די צייט פאר די ירושלים־קעמפער. סטודענטן, וואָס זענען ארויס פון די ווענט פון אוניווערסיטעט, לעקטאָרן פון עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע, רעסטאָראַן־אייגנטימער, אינסטאַלאַטאָרן, באאמטע פון דער עיריה און אייגנטימער פון מכולת־געשעפטן האָבן מארשירט צו דער ערשטער שלאכט אין דער מלחמה פאר זייער שטאָט. אַן אויסשפיר־אָפּטיילונג — א קאָמ־

פאַניע פוסגייער, געשטיצט דורך צוויי טאנקען — איז ארויס אין אָנגריף.

אלעמען איז געווען קלאָר, אז דער ערשטער קאָנטאַקט מיטן שונא איז עלול צו באשליסן דעם גורל פון די קומענדיקע שלאכטן. מער ווי א מלחמה פאר שטח איז עס געווען א מלחמה פאַר פרעס־טיזש, אַן אויסדרוק פון ווילן צו קומען צו א צוזאמענשטויס מיטן לעגיאָן און צו צעברעכן זיינע רייען אין א מאָראַלישן פארמעסט צווישן ארמייען, וועלכע האָבן זיך א לאנגע צייט שוין נישט באַ־געגנט אויף דעם שלאַכטפעלד. די שטראָף־אקציעס פון די פּאַראַ־שוטיסטן אינמיטן פון די 50־ער יאָרן, און דער עיקר די שלאכטן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1948 בעת דער באלאגערונג פון ירושלים, האָבן געשאפן דעם לעגיאָן אַ רענאָמע פון א מיליטער, וואָס איז שווער צו צעברעכן. רעזערוויסטן, ערשט נאָך נעכטן ציי־ווילע בירגער, האָבן אין זייער ערשטן שטורעם גורם געווען אויף די ערשטע בראָך פון לעגיאָן. דורך דער לערן־פּאָרם, ביי דער זייט פון כביש, וואָס פירט צום פּאַלאַץ פונעם הויך־קאָמיסאר, זענען די אָנגרייפנדיקע איינהייטן ארויס פון הינטערן פאָרהאַנג פון ארטילעריש[ן] פייער. די מינען־וואָרפלער פון דער ירושלימער בריי־גאדע האָבן דורכגעפירט אַן עפעקטיווע ארבעט. די קוילן פון די מינען־ווארפער האָבן געטראָפן אין גרופן לעגיאָנערן, וועלכע האָבן זיך נישט באַוויזן איינצוגראָבן אין געביט פון פּאַלאַץ, וואָס זיי האָבן אָקאָרשט פארנומען. די טאנקען און די קעמפער פון דער אויסשפיר־אָפטיילונג האָבן זיך דורכגעריסן דורכן טויער פון פּאַלאַץ, ווו זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויפן פייער פון די לעגיאָ־נערן, וועלכע האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין די בנינים פון דער אונ"אָ. אין וועלדל, ביים פּאַלאַץ, אויף דער גרינער לאָנקע ביי דער זייט פונעם כביש, איז דערהרגעט געוואָרן דער ערשטער ישראלדיקער קעמפער. ארום אים זענען געלעגן צעריסענע לעגיאָ־נערן, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט פאַרטיידיקן קעגן דעם ווילד־שטורמישן אָנגריף. איין זעלנער־רינג האָט זיך צוגעריסן צו דער טיר פונעם הויך־קאָמיסאַרס פּאַלאַץ — זי איז געווען פאַרשלאָסן. אַ פיראָטעכניקער האָט אַוועקגעלייגט אַ לאָדונג נעבן דער טיר, וואָס האָט אַ פּלי געטון מיט אַן אַויפרייס־דעטאָנאַציע אין קאָרי־דאָר. אויפן ערשטן שטאָק האָבן אונדזערע זעלנער אַנטדעקט די אונ"אָ־אָבסערוואַטאָרן מיט זייערע פאַמיליעס, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן זיך פאַרשלאָסן אין איינעם פון די צימערן. אויפן דריטן שטאָק, אין זיין פּרעכטיקן צימער, וועמענס פענצטער עס קוקן אַרויס אויף דער וואונדערלעכער לאַנדשאַפט, וועלכע ציט זיך

ביזן טאָל פון ים המלח, איז געזעסן גענעראַל אָד בול. ער איז געבעטן געוואָרן צו בלייבן אין זיין צימער און נישט אַרויסגיין ביז די שלאַכט וועט זיך פאַרענדיקן. דער קאָמאַנדיר פון דער אויס־שפּיר־אָפּטיילונג האָט צוגעזאָגט צו היטן די זיכערקייט פון די אָבסערוואַטאָרן ביז עס וועלן זיך אָפּשטעלן די שיסערייען. דער גענעראַל האָט קיין זאַך נישט געענטפערט די ישראלדיקע קאָמאַנ־דירן, אויפגעהיט זיין קאַלטבלוטיקייט און געפּאָלגט זייערע אָנווייַ־זונגען. שפּעטער האָט ער געבעטן אַריבערפירן זיינע מענטשן אין דער אַלטשטאָט. קענטיק, אַז ער האָט געהאַלטן, אַז די מלחמה פון די ישראלים איז אַ פאַרלוירענע.

אין פּאַלאַץ האָבן זיך געהערט סאַלוועס און שיסערייען באַ־גלייט מיט דומפּע אָפּקלאַנגען פון קוילן, וואָס האָבן געטראָפן אין פאַרמאַכטע צימערן. אין די הויפן צווישן די געביידעס, וואָס זענען מיט 19 יאָר צוריק באַשטימט געוואָרן אויפצונעמען די היטער פון שלום, האָט געבושעוועט אַ פייער פון צוויי פיינטלעכע אַרמייען. דער געלויף פון די קעמפער פון דער ירושלימער בריגאַדע איז פאַרגעזעצט געוואָרן ביז דער פּאָזיציע, וואָס איז געווען אויס־געגראָבן דרומדיק פונעם פּאַלאַץ. דורך די צוימען זענען די זעלנער פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג און די פוסגייער אַריינגעדרונגען אין די גראָבנס פון דער פּאָזיציע, ווו עס האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צעקרישלט דער ווידערשטאַנדס־כוח פון צוויי קאָמ־פּאַניעס פון לעגיאָן. די קעמפער פון דער אויסשפּירונג האָבן גע־קעמפט עפעקטיוו, איבערלאָזנדיק אין די גראָבנס פיל געהרגעטע לעגיאָנערן. 15.30 אַזייגער האָט דער קאָמאַנדיר פון אָנגרייפנדיקן כוח, סגן אלוף אשר, געמאָלדן דעם שטאָב פון דער בריגאַדע, אַז דער פּאַלאַץ און די באַוואָפנטע פּאָזיציע נעבן אים געפינט זיך אין די הענט פון זיינע מענטשן.

און אין דער צייט, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנ־טאַקט־שלאַכט מיט די זעלנער פון לעגיאָן, האָבן די ירדנער ווייטער ווילד באָמבאַרדירט ירושלים. עטלעכע בירגער, וועלכע זענען נישט געווען פאַרזיכטיק און זענען אַרויס פון זייערע מקלטים, האָבן געפונען זייער טויט. די אַמבולאַנסן האָבן זיך געאיילט איבער די גאָסן פון דער באָמבאַרדירטער שטאָט, כדי אַרויסצונעמען די פאַר־וווּנדעטע און זיי אַריבערפירן אין שפּיטאָלן. די איינהייטן אויף דער פאָדערשטער ליניע האָבן גענומען מעלדן דעם שטאָב אין הינטער־לאַנד, אויב מען האָט בכלל געקענט באַצייכענען אַ שטאָב אין ירושלים מיט אָט דעם טיטל — וועגן מאַנגל אין אַמוניציע. די פאַרעלטערטע פּאַנצער־אויטאָס — די „סענדוויטשן“, וואָס פלעגן

במשך פון 19 יאָר דורכפאָרן די שכונה שייך־דזשעראַך אויף זייער וועג צום הר־הצופים — זענען ווידער געוואָרן טעטיק. מאָטאָרי־זירטע מיאוסע שטאָל־קאַסטנס, האָבן אַראָפּגענידערט צו די פאָ־דערשטע פּאָזיציעס באַלאָדן מיט אַמוניציע.

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי ס׳איז געפאַלן די ערשטע ירדנישע באַוואָפנטע פּאָזיציע, איז געגעבן געוואָרן אַן אָנווייזונג אָנצוגרייפן אַ צווייטע פּאָזיציע נעבן דאָרף צור באַחר. ווען עס איז טונקל גע־וואָרן, זענען די זעלנער פון דער ירושלימער בריגאַדע אַרויס צו דער צווייטע שלאַכט אין יענעם טאָג. די לעגיאָנערן האָבן גע־קעמפט מיט פאַרביסענע צייין פון די פאַרפעסטיקטע שטעלונגען מיט דאָפּלטע ווענט, ביז זיי זענען געפאַלן. ווייניקע פון זיי האָבן מצליח געווען צו אַנטלויפן אונטער דער שוץ פון דער פינצטערניש. ביים בונקער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אשר, דער קאָמאַנדיר פון דעם ירושלימער באַטאַליאָן, צום צווייטן מאָל. צום ערשטן מאָל איז ער געטראָפן געוואָרן בעת דער שלאַכט פאַר דעם פּאַלאַץ פון הויך־קאָמיסאַר. דער קאָמאַנדיר איז געשטאַנען מיט צוויי זעלנער אויף אַ פלאַכן אָרט, ווען עס זענען פּלוצלינג אַרויסגעקראָכן פיר זעלנער פון א דערבייאיקן גראָבן. ער האָט צו זיי אַ רוף געטאָן אין עברית: „אל תירו, זה אנחנו" (שיסט נישט, דאָס זענען מיר), ווייל ער האָט געמיינט, אַז דאָס זענען זיינע זעלנער. די לעגיאָנערן האָבן געעפנט אַ פייער, דערהרגעט דעם פאַרבינדלער, אַ צווייטן זעלנער און פאַרוואונדעט דעם קאָמאַנדיר. יענע נאַכט האָבן די ישראלדיקע זעלנער אויסגעציילט איבער אַ צוואָנציק טויטע קער־פּערס פון לעגיאָנערן. די מענטשן פון דער ירושלימער בריגאַדע האָבן פאַרלוירן זעקס טויטע און געהאַט צוואָנציק פאַרוואונדעטע. אין דער פינצטערניש האָבן זיי אַריבערגעפירט זייערע מתים אין שטאָט אַריין.

אין דער צייט, ווען די קאָמאַנדירן פון דער בריגאַדע האָבן געפּלאַנט דעם ווייטערדיקן גאַנג פון זייער אַנגריף, האָט זיך די פּאַנצער־בריגאַדע אונטער דער קאָמאַנדע פון אלוף־משנה אורי בן־ארי געפונען אויף דער פּאָזיציע פון ראַדאַר, אויף איר וועג צו דעראָבערן די באַוואָפנטע פּאָזיציעס פון צפון ירושלים: שייך אַבדול עזיז און נבי סמואל אויפן וועג צו ראַמאַללאַ. די פּאַנצער־בריגאַדע, וואָס האָט זיך גרופּירט אין אָנהויב פון איר מאַרש אויפן הויפּט־שליאַך קיין ירושלים, האָט זיך דורכגעריסן דורך שווערע דורכגענגג צו די סאַמע פאַרפעסטיקטע פּאָזיציעס פון לעגיאָן אויפן ירושלימער פראָנט. די זעלנער פון אָט דער בריגאַדע האָבן דורכ־געריסן זייער וועג דורך מינען־פעלדער אַנווענדנדיק קאָמאַנדאָ־

מעסערס, כדי צו אַנטדעקן אין דער פינצטערניש די מינעס. אין די שמאָלע דורכגענג האָבן די טאַנקן געפירט אַ שלאַכט פון פאַנצער מיט די טאַנקן פון לעגיאָן, וועלכע זענען איבעראַשט געוואָרן פון דער דרייסטקייט פון די ישראלדיקע טאַנקיסטן, וועלכע האָבן אויס־געקליבן דווקא דעם שווערן וועג. אויף צומאָרגנס האָט די ברי־גאַדע פון אלוף־משנה אורי זיך געדאַרפט פאַראייניקן מיט דער פאַראַשוטיסטן־בריגאַדע אויף די פּאָזיציעס פון דעם „פראַנצויזישן בערגל" („גבעה צרפתית") און פון „מיבתר". די בריגאַדע פון ירושלימער קרייז האָט זיך געגרייט צו די מאָרגנדיקע שלאַכטן, בעת וועלכע אירע קעמפער האָבן דעראָבערט די באַוואָפנטע פּאָזיציעס פון אבו טור, הר ציון און פאַרלוירן איינעם פון די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן, מיכאל פייקס, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן פון דער נאָענט דורך אַ לעגיאָנער, וועלכער האָט זיך געוואָלט דורכרייסן אויף מזרח. זעלנער, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן זייער געפאַלענעם קאָמאַנדיר, זענען געצווונגען געווען אַרויסצונעמען מעסערס, כדי צו איבערמעכטיקן אַ גרופּע לעגיאָנערן, וואָס האָט זיי אָנגעגריפן פון דער נאָענט.

ביינאַכט האָבן זיך די קעמפער פון ירושלים באַגעגנט מיט די קאָמאַנדירן פון די פאַראַשוטיסטן און זיי איבערגעגעבן אַ גענויע שילדערונג וועגן די שלאַכטן און ידיעות וועגן דער גרופּירונג פון לעגיאָן אין די ערטער וווּהין די פאַראַשוטיסטן האָבן געדאַרפט אַריינרייסן זיך אין עטלעכע שעה אַרום. נישט געקוקט אויף די שווערע באַמבאַרדירונגען, זענען די ירושלימער בירגער אַרויס פון די מקלטים, כדי צו העלפן די קעמפער צו עוואַקואירן זייערע פאַר־וווּנדעטע און אָנלאָדן אַמוניציע אויף לאַסט־אויטאָס, וועלכע זענען אָנגעקומען אונטערן פייער צו די שטעלונגען, וואָס האָבן ווייטער געפירט אַ דועל־קאַמף מיט לעגיאָנערן, וועלכע האָבן ווייטער געהאַלטן זייערע פּאָזיציעס און געטראָפן אין דער יידישער שטאָט.

# די שטאַב־גרופּע

די שטאַב־גרופּע פון דער פּאַראַשוטיסטן־בריגאַדע, וואָס איז באַשטאַנען דער עיקר פון רעזערוו־אָפיצירן, האָט זיך פּאַקטיש גע־מאָלדן אַ סך פריער ווי עס זענען מאָביליזירט געוואָרן די זעלנער. די קאָמאַנדירן זענען געווען געוווינט צו אַ לענגערער דינסט־צייט, ווי זייערע אונטערגעאָרדנטע אויך אין די שלום־צייטן, דערפאַר האָבן זיי נישט באַטראַכט דאָס פּריצייטיקע רופן זיי ווי אַן אויסנאַם־דערשיינונג.

דעם 22־טן מאַי אינדערפרי זענען די קאָמאַנדירן אַרויס אויף אַ געהיימען אויסשפּיר. אין אָוונט איז צוגעגרייט געוואָרן די ערשטע סעריע באַפעלן פאַר דורכפירן די אויפגאַבע פון אַראָפּלאָזן זיך הינטער די מצרישע שטעלונגען אין סיני. דעם 5־טן יוני פאַרנאַכט, ווען זיי זענען אַרויף קיין ירושלים האָבן די מענטשן פון דער שטאַב־גרופּע געפילט, אַז אָט איצט זענען זיי גערופן געוואָרן צו אַ ספּעציעלער אויפגאַבע. נאָך פיל מאָל פאַר רעם פלעגט די שטאַב־גרופּע פון די פּאַראַשוטיסטן זיצן אין די לאַגערן, אָדער אַרום שייטער־הויפנס, אין אַן איבעררייס צווישן איין אויסשפּיר־מאַרש און אַ צווייטן, אָדער נאָך אַ שלאַכט־אַקציע און גערעדט אויף דער טעמע ירושלים. טיף אין האַרצן פון אָט די קעמפער איז געלעגן אַ באַהאַלטענער פאַרלאַנג — צו קומען ווען עס איז קיין ירושלים אויף יענער זייט מויער.

די ברידערלעכע געמיינשאַפט פון די פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן געגומען שפּראַצן אין אָנהויב פון די 50־ער יאָרן און איז געוואָרן דער שפּיזן־שפּיץ אין דער קריגס־טעטיקייט פון צה״ל, האָט אויס־געברייטערט איר פאַרנעם ערב דער סיני־אַקציע, נאָכדעם ווי די פּאַראַשוטיסטן האָבן פאַרשריבן אויף זייער חשבון אַ פּרעכטיקע, אכזריותדיקע און ביטערע שלאַכט־עפּאָפּייע אין דעם מיתלה־דורכ־גאַנג, איז געווען קלאָר, אַז די איינהייט וועט מער נישט בלייבן קיין קליינע משפּחה. די פּאַראַשוטיסטן־איינהייטן זענען אויסגעוואַקסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן מיט דער צייט אין גרויסע פאַרמאַציעס. פרייוויליקע פון אַלע עקן לאַנד זענען געקומען צו די טויערן פון דער פּאַראַשוטיסטן־באַזע און געבעטן זיי אַנצושליסן צו אָט דער אייגנאַרטיקער קעמפער־געמיינשאַפט. אין אָט דער צייט האָבן זיך די העכערע קאָמאַנדירן פון דער איינהייט צעשפּרייט איבער דער גאַנצער מדינה. אייניקע פון זיי זענען נאָמינירט געוואָרן אַלס

קאָמאַנדירן פון בריגאַדעס, אַנדערע האָבן פאַרנומען שליסל־פּאָ־זיציעס אין גענעראַל־שטאַב. געוועןן אַזעלכע וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין הויכע מיליטערישע שולן אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער די ערשטע געשלאָסענע גרופּע פון די קעמפער איז ווייטער באַטראַכט געוואָרן דורך אַלעמען אַלס „די משפּחה פון די רויטע בערעטן" טראָץ דעם, וואָס זי איז שוין נישט געווען צוזאַמען. ירושלים איז פאַר זיי געווען אַ מין טרוים. די גאַנצע נישט צעטיילטע הויפּט־שטאָט האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין זייערע געדאַנקען, בעת זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען כדי צו דערמאָנען זייערע פריינט, קעמפער, וואָס זענען געפאַלן אין שלאַכט־אַקציעס. די לעבן־געבליבענע האָבן זיך נישט אַרומגעטראָגן מיט בענקשאַפטן צו דער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן קלאָר געוווסט, אַז עס וועט אויס־ברעכן אַ מלחמה. צווישן זיי איז אַנגעגאַנגען אַ פאַרבאַהאַלטענער פאַרמעסט, ווייל יעדער איינער פון זיי האָט געטרוימט צו זיין דער קאָמאַנדיר פון אַן אַקציע צו באַפרייען דאָס אָקופּירטע ירושלים.

אין פרימאָרגן פון 5־טן יוני האָט איינער פון אָט די העכערע קאָמאַנדירן פלאַנירט די אויפגאַבע פון דורכפירן אַן אַנגריף אין הינטערלאַנד פון שונא אין סיני. זיינע חברים, די קאָמאַנדירן פון די פּאַראַשוטיסטן אלוף אריאל שרון (אריק), אלוף משנה רפאל איתן (רפול), אלוף משנה אהרון דוידי, אלוף משנה חקה, סגן אלוף דני מס און אַנדערע — האָבן געפירט שלאַכטן אויף דעם דרומדיקן פראָנט, אָדער געוואַרט אויף אינסטרוקציעס פון גענעראַל־שטאַב פאַרן אַרויסגיין אין קאַמף.

ווען עס זענען אָנגעקומען די שפּאַנענדיקע ידיעות וועגן דער שלאַכט, וואָס קומט פאָר אויפן ירדנישן אָפּשניט, האָט אלוף משנה מרדכי גור, וואָס טראָגט דעם צונאָמען מאָטע נערוועז פאַרבראַכן די הענט. דער פּראָפעסיאָנעלער מיליטערמאַן האָט גע־ווסט, אַז די לאַנדונג־אויפגאַבע, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיין בריגאַדע, האָט זיך פאַרענדיקט נאָך איידער זי האָט זיך אָנגעהויבן. ווען אלוף משנה גור האָט באַקומען דעם ערשטן רמז פון גענעראַל־שטאַב, אַז זיין וועג וועט גיין קיין ירושלים, האָט ער פאַרשטאַנען אז אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן דער היסטאָרישער זכות צו באַפרייען די אָקופּירטע הויפּט־שטאָט.

מרדכי גורבאַן (גור) האָט איינגעזאַפּט דעם אַראָמאַט פון ירושלים נאָך אין זיין פריסטער קינדהייט. דאָס איז זיין געבוירן־שטאָט, ירושלים פון מערק און מאָכיקע ווענט, ירושלים פון מגדל דוד און כותל המערבי, אזוי האָט ער געלערנט זי ליב צו האָבן. אמת, נאָך ווען ער איז געווען אַ ייִנגל האָט זיך זיין משפּחה אַריי־



הילפס־איינהייט אין דער אַקציע. מינענוואַרפער 120 מ״מ אויף
אַ טאַנקעטקע.

דורכברוך־ראיאָן פון 7־טן באַטאַליאָן (פּאָזיציעס באַצייכנט מיט קרייזן). די שטעלונגען האָבן
געהערשט איבערן דורכגאַנג צו דער ירדנישער שטאָט.



לעגיאָן־פּאָזיציע אין ווינקל פון דער מויער.



קאָמאַנדיר פון די פּאַראַשוטיסטן „מוטה״ קוקט אויף דער שטאָט אין באַגינען פון דער שלאַכט.



שטאַב־אָפיצירן פון פיקוד
המרכז איבערגעבויגן אי־
בער די מאַפּעס.
אויפן בילד —
סגן־אלוף אַריק.

פאַראַשוטיסטן מאַרשירן
צום ערשטן מאָל אין די
גאַסן פון דער ירדנישער
שטאָט.



פּאָזיציעס פונעם לעגיאָן אויפן אָפּשניט פון שער־שכם (באַצייכנט).

אַ טאַנק דעקט דעם אָנגריף פון די פאַראַשוטיסטן. די טאַנק־קאָמאַנדירן האָבן געפירט די אַקציע אַרויסרוקנדיק זייערע קעפ פון די טורעמס.

אַזוי האָט זיך אַנטפלעקט דאָס יידישע ירושלים אין די אויגן פון די פאַראַשוטיסטן, פון די אויסגערייניקטע לעגיאָן־פּאָזיציעס.



די פּאָזיציע פון אויגוסטאַ־וויקטאָריאַ כאַפּט־אַריין דירעקטע טרעפונגען. פאַראַשוטיסטן קוקן אויף דעם פון די דעכער.

סאַניטאַר־מאַנשאַפטן רייסן זיך אַדורך צום בנין פון דער משטרה נאָכן אויסרייניקן
די פאָדערשטע טראַנשייען.

ישראלדיקע אויטאָס אויפן פלאַץ פון דער פּאָליציי־שולע. דער אלוף הפיקוד באַקומט אויפקלערונגען
וועגן דער באַוועגונג פון די פּאַראַשוטיסטן.

פאַראַשוטיסטן אויף דער פאָדערשטער פאָזיציע פון דער פאָליציי אין דעם קאַמף־פרימאָרגן.





אויסבליק אויף די פאַרצוימונגען. די דורכגענג צווישן איין פאַרצוימונג און דער צווייטער איז דורך ישראל־סאַפּערן אויסגערייניקט געוואָרן פון די מינעס, אונטערן פייער פון שונא.

צייכענונג פון „גבעת התחמושת" (אמוניציע־באַרג) אַזוי ווי זי איז געמאַכט געוואָרן דורכן קאָמאַנדיר פון דער איינהייט דוד. אויף דער מאַפּע זענען געצייכנט געוואָרן די ערטער, ווו עס זענען געפאַלן זיינע חיילים.

די מערב־זייט פון „גבעת התחמושת". די בונקערס פונעם לעגיאָן (באַצייכנט מיט קרייזן), געווען צעשפּרייט לענגאויס דעם גאַנצן קאַנאַל.



צוגאָב־צייכענונג פון „גבעת התחמושת" פון דדי.

דדי, קאָמאַנדיר פון דער איינהייט, וואָס האָט אויס־גערייניקט דעם רעכטן קאַנאַל פון „גבעת התחמושת", קאָנ־טראָלירט די צעשמעטערטע קאַמפּס־שטעלונגען.



איינצלנער שוך פון אַ לעגיאָנער, פאַרבליבן אין דעם אויסגערייניקטן קאַנאַל.

בערגעקליבן קיין רחובות, אָבער די זכרונות פון דער קינדהייט, וואָס האָבן זיך געדרייט צווישן די שטיינערנע הייזער האָבן אים באַגלייט אין זיין וועג.

רחובות, דורך וועלכע עס גייט דורך איין הויפּט־כּביש, האָט געבראַוזט מיט אונטערערדישער טעטיקייט אין די טעג פון פאַר דער מדינה. ווי אַלע אַנדערע יוגנטלעכע אין דער מושבה, האָט זיך אויך מאָטע געצויגן צום געווער, און עס איז נאַטירלעך, אַז ער האָט זיך געפונען אין די ראַמען פון די יוגנט־אָפּטיילונגען פון דער „הגנה", וועלכע האָבן אָנגעהויבן צוגרייטן שילער־גרופּן פון די יעניקע, וואָס האָבן שפּעטער געדאַרפט קעמפן אין דער אומאָפּ־הענגיקייט־מלחמה. דער גערוך פון די געשמירטע מיט פעטס ענג־לישע ביקסן, איז געבליבן שטעקן אין זיינע נאָזלעכער און האָט אים מער נישט אָפּגעלאָזן: מרדכי האָט געוואָלט זיין א זעלנער.

אין דער באפרייאונגס־מלחמה האָט מאָטקע געדינט אין די טויט־אָפּטיילונגען פון דער נגב־דיוויזיע אין 9־טן באַטאַליאָן פון פלמ״ח. זיין ערשטע פייער־פּראָבע איז געווען אין דער שלאַכט קעגן דער מצרישער ארמיי, וואָס איז געקומען פון דרום. די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און מאָטקע איז אַוועק אין נח״ל און ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן האָט ער געפלעגט זאָגן:

„איך האָב געגלויבט, אַז די דאָזיקע אָפּטיילונגען וועלן זיין דער פלמ״ח פון דעם נייעם ישראל".

אַזוי איז ער ווידער אָנגעקומען קיין ירושלים. דריי יאָר האָט ער פאַרנומען אין דער ראַיאָן־דיוויזיע פון דער הויפּט־שטאָט צווייטראַנגיקע פּאָסטנס. אין דער זעלבער צייט האָט ער געלערנט אין דער היברעאישער אוניווערסיטעט. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די עקזאַמענס האָט ער געהערט, אַז אריק שרון האָט זיך אָנגעגע־שלאָסן אין דער נייער פאַראַשוטיסטן־איינהייט צוזאַמען מיט זיין באַרימטער קאָמאַנדאָ־אָפּטיילונג 101.

אין יענע טעג פון אָנהויב 1954 האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די ערשטע רעוואַנזש־אַקציעס אויף א גרעסערן פאַרנעם און זיי זענען פאָרגעקומען טיף אין די געביטן פון די אַראַבישע לענדער, וואָס האָבן נישט שלום געמאַכט מיט זייער דורכפאַל אין דער מלחמה. די פאַראַשוטיסטן זענען געוואָרן דער הויפּט־אינסטרומענט קעגן די אַראַבישע טעראָר־ און מאָרד־אַקציעס.

אין אַ געוויסן טאָג איז מאָטקע געפאָרן אין אריקס לאַגער. געוואָלט אים איבערגעבן, אז ער איז גרייט צו דינען אין פאַראַ־שוטיסטן־באַטאַליאָן אויפצומאַרגנס האָט זיך מיט אים פאַרבונדן דער

קאָמאַנדיר פון די פּאַראַשוטיסטן און אים גלייך נאָמינירט אַלס קאַמפּאַניע־קאָמאַנדיר.

אין יענער תקופה האָט מען צוגעגרייט אָפּיצירן און זעלנער צו אַ קאָמפּס־ניוואָ, וואָס צה״ל האָט נאָך ביז דעמאָלט נישט געהאַט אַזעלכן. מאָטקע האָט געהערט צו דער דאָזיקער שול, אין וועלכער ער איז שפּעטער געוועזן אַליין אַ לערער. ער האָט אָנטיילגענומען אין אַ סך אַקציעס: אין בית־ליקיה, אין חירבת־סיקה, אין די מצרישע מיליטער־לאַגערן אין עזה, אין כיסופים, אין רפיח. אין יאָר 1955 האָט ער צום ערשטן מאָל דערפילט אין אייגענעם לייב דעם טעם פון בליי, אין דער אַקציע אויף חאַן־יוניס איז ער גע־וואָרן פאַרוווּנדעט און מען האָט אים צוריקגעפירט אין הינטער־לאַנד. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין מוסטערהאַפטער אָנפירונג אין שלאַכט.

ווען די וווּנדן האָבן זיך פאַרהיילט האָט ער זיך אומגעקערט אין לאַגער און געהאָלפן אריקן אין אַנדערע אַקציעס: אויף די סירישע פּאָזיציעס ביים כנרת און אויף דעם לעגיאָן אין קלקיליה. אין יאָר 1956 איז ער נאָמינירט געוואָרן אלס קאָמאנדיר פון דער ערשטער נח״ל־איינהייט און האָט מיט איר אָנטיילגענומען אין דער בלוטיקער שלאַכט אין מיתלה.

נאָכן ענדיקן אַ קריגס־שול אין פראַנקרייך אין די אָנהויב זעכציקער יאָרן, איז ער געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון דער „גולני״־דיוויזיע, בעת איר אָנטייל אין דער שלאַכט אויף דער סירישער פּאָזיציע נוקייב.

מאָטקע זעט נישט אויס ווי קיין פּראָפעסיאָנעלער מיליטאַ־ריסט. ער האָט אַ פּנים פון אַן אינטעלעקטואַל, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין מלחמה־קעסל. זיין בילדונג, זיינע אַנאַליטישע פעאיקייטן און מיליטערישער טאלאנט, זיין קעמפערישע פאַרגאַנ־גענהייט האָבן אין אים אַנטוויקלט די היסטאָרישע מעגלעכקייט אָנצופירן מיט דעם פאַראַשוטיסטן־כוח, וואָס האָט דעראָבערט ירושלים. פון דער שול פאַר שטאַב־אָפיצירן האָט מען אים אָפּגע־רופן אין גענעראַל־שטאַב, און מען האָט אים איבערגעגעבן די פּלענער פון פּאַראַשוטיסטן־קאַמף אין הינטערלאַנד פון די מצרים אין סיני.

מאָטקעס פּאַרטרעטער:

משה ס. אַ באַקאַנטער קעמפער ביי די פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין אַלע רעוואַנזש־אַקציעס, וועלכע די פּאַראַ־שוטיסטן האָבן דורכגעפירט. אין דער אַקציע פון חאַן־יוניס איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער דרייסטקייט.

משה איז אויך געווען דער אָפיציר, וואָס האָט אָרגאַניזירט און צוגעגרייט די דיוויזיע צום אַרויסטרעטן אין קאַמף אַ סך פריער, איידער זיי האָבן געוווסט, אַז זיי וועלן אַרויסגיין אין שלאַכט.

דער קאָמאַנדיר פון 6־טן באַטאַליאָן איז געווען יוסי י. אַ זון פון אַ פאַרצווייגטער קעמפערישער פויערים־משפּחה, אין כפר חרות. זיין אויסזען איז פון אַ דאָרפס־מענטש, זיינע ברוין־אָפּגעברענטע מוסקולירטע הענט דערציילן וועגן זיין אַרבעט אויפן דאָרף. ער איז אויסגעפּרוווט געוואָרן אין אַ סך שלאַכטן איז שווער פאַרווונדעט געוואָרן אין דער קלקיליה־אַקציע. ער האָט זיך לייכט געקענט באַפרייען פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אָנצופירן מיט אַ קאַמפּס־איינהייט און וואָלט געקענט בלייבן אין הינטערלאַנד. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט רעזיגנירן פון זיין פּאָסטן.

עוזי ע. איז געווען דער איינציקער פּראָפעסיאָנעלער קאָמאַנ־דיר מיט א רייכער שלאַכטן־פאַרגאַנגענהייט, איז אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין אומגעווייינלעכער דרייסטקייט.

דער דריטער און עלטסטער פון דער דאָזיקער גרופּע קאָמאַנ־דירן, איז געווען יוסי פ., פון תל־עדשים אין עמק יזרעאל, איז געקומען צו די פאַראַשוטיסטן נאָכן ענדיקן זיין רעגולערן דינסט אין אַן אַנדערער איינהייט, האָט דורכגעמאַכט אַלע געזעלשאַפט־לעכע, פּסיכישע און פיזישע שוועריקייטןביים איבערגיין אין דער פאַראַשוטיסטן־איינהייט, האָט דאָס אַלץ דורכגעמאַכט מיט זיין כאַראַקטעריסטישער קאַלטבלוטיקייט, רו און גוטמוטיקייט.

די קאָמאַנדירן פון די קאָמפּאַניעס האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי גרופּן: די אַלטע מיט גיורא אשכנזי, דודיק קצ׳ה, רמי ולד — אַלטע אָפיצירן, וואָס אויך נאָך די אַקציעס האָבן זיי פאַרגעזעצט צו זיין די קאָמאַנדירן פון קעמפער צוליב די אָנשטרענגונגען וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן. די צווייטע גרופּע: קאָמפּאַניע־קאָמאַנדירן ווי דדי, צביקה און זמוש, וועלכע האָבן דערוואַרט די מינוט ווען זיי וועלן קענען אָנפירן מיט זייערע זעלנער אין דער צייט פון קריג.

די פאַרטרעטער פון די קאָמפּאַניע־קאָמאַנדירן, פּלוטאָן־קאָמאַנ־דירן, מער יונגערע קאָמאַנדירן אין ראַנג פון סרן, די מערהייט מושבניקעס ווי ניר, מורדי, גבי, עמי, אשכול, דן, מיכה, יואב און אַ סך אַנדערע, זענען גרייט געווען צו יעדער אויפגאַבע, אין דער צייט ווען זייערע חיילים, ציווילסטן פּונקט ווי זיי, פאַראַשוטיסטן פון דער רייי, רעזערוויסטן פון די קיבוצים, מושבים און שטעט, האָבן געשאַפן אַ פולשטענדיקן קווערשניט פון דער באַפעלקערונג. די מערהייט — אומדערפאַרן אין קאַמף. און די שלאַכט אין ירושלים איז געווען זייער ערשטע קאַמף־אַקציע.

# צום פאַרמעסט

די מאָטאָרן פון די אויטאָבוסן האָבן זיך געוואַלטיק אָנגע־שטרענגט ביים פאָרן באַרג אַרויף קיין ירושלים. דער דאָזיקער וועג, איבער וועלכן עס זענען ערשט נעכטן געפאָרן ציווילע אויטאָס, האָט איצט אויסגעזען ווי אַ פליסיקער שטראָם פון קריגס־לייט.

אויף מזרח פון דער „שמשון״־קריייציקונג גייט באַרגאַרויף אַ שמאָלער אַספאַלט־שאָסיי און איבערן דאָזיקן וועג זענען איצט געגאַנגען די פּאַראַשוטיסטן. דער הויפּט־שאָסיי איז געווען ענג אָנגעשטופּט מיט טאַנקן און טאַנקעטקעס פון דער פּאַנצער־דיוויזיע, וואָס האָט אָנגעהויבן די שלאַכט אויף די ראַדאַר־פּאָזיציעס. טייל־ווייז איז דער דאָזיקער וועג געשטאַנען אונטערן ירדנישן אַרטי־לעריע־פייער. פון צפון האָט מען געזען די שיינע לאַנדשאַפט פון דער ירדנישער זייט, פון וועלכער עס האָבן זיך איצט געצויגן פייער און רויך־צונגען.

אין די אויטאָבוסן זענען די קעמפער געזעסן צוגעדריקט צו זייער געווער. די מינענוואַרפער, די אַמוניציע־קעסטלעך און אויפ־רייס־מאַטעריאַל, האָבן אָנגעפילט די ענגע קאָרידאָרן צווישן די געזעסן. די פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן זיך נישט געפונען קיין אָרט אויף די אויסגעבעטע געזעסן, האָבן זיך געשטופט אין גרויס ענג־שאפט צווישן די אַמוניציע־באַגאַזשן. טייל האָבן געדרימלט, ווייל זיי זענען שוין געווען מיד פון דער שלאָפלאָזער נאַכט. אַנדערע האָבן געזונגען סענטימענטאַלע לידער, לידער פון בענקשאַפט, גרענעצלאָזער ליבשאַפט און פון געבעט. מיט באַזונדערן אויסדרוק האָט אין די דאָזיקע שעהן געקלונגען דאָס ליד „ירושלים של זהב״, אַן אייגנאַרטיקער שלאַכט־הימן, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ שטילע תפילה.

אין שטאַב פונעם צענטער האָט דער סגן־אלוף אריק, אויך אַ פּאַראַשוטיסט, גערעדט אין זיין שניידנדיקן מיליטערישן סטיל, אויפגעקלערט פאַר די אָפיצירן דעם מהות פון דער אויפגאַבע, וואָס איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף די פּאַראַשוטיסטן אין דער ערשטער פאַזע פון שלאַכט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די פּאַרטיי־

דיקונגס־פּלענער האָבן שוין אָפּגעטון זייערס און עס איז געקומען די צייט פון אָנגריף. באַריכטן פונעם צענטער פון פראָנט זענען אָנגעקומען איינע נאָך די אַנדערע. די שטאַב־אָפיצירן האָבן שוין געוווּסט קלאָר, אַז עס איז געקומען די צייט פון אָנגרייפן. דער גענעראַל עוזי נרקיס האָט באַקומען דעם באַפעל אָנצוהייבן די אַקציע.

נאָך אַ קורצן שמועס זענען די אָפיצירן אַרויף אויף זייערע אויטאָס, יעדער צו זיין אָפּטיילונג. די, וואָס זענען געפאָרן אויפן אָפענעם וועג קיין ירושלים, האָבן ריזיקירט געטראָפן צו ווערן פון די ירדנישע קוילן. זיי וואָלטן געדאַרפט פאָרן דורך זייטיקע וועגן, זיי האָבן אָבער געוואָלט וואָס שנעלער צוקומען צו זייערע באַ־שטימטע פונקטן איידער עס שיינט אויף דער טאָג. לינקס האָבן זיי געזען דעם ירדנישן באַרג־שיפוע, וואָס איז געשטאַנען אין פייער. אַרום זיי זענען געפאַלן שראַפּנעלן און קוילן פון די סנייפּערס האָבן געסווישטשעט איבער זייערע קעפּ.

דער 6־טער באַטאַליאָן איז אָנגעקומען אין דער שכונה בית הכרם ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק. דער קאַראַוואַן פון די צוויי אַנ־דערע באַטאַליאָנען איז אָנגעקומען פאַרנאַכט. דער רוב פון די אָפיצירן און זעלנער האָט נישט געקענט ירושלים און דערפאַר האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף שווערקייטן ביים מאַרשירן איבער די פינצ־טערע אומבאַקאַנטע געסלעך און האָבן פאַרלוירן אַ סך צייט.

דער 8־טער באַטאַליאָן האָט אין אָנהויב באַקומען די אינסטרוקציע צו שטעלן זיך ביים שטאַב פון ירושלימער ראַיאָן, וואָס האָט זיך געפונען אויפן צפונדיקן עק־שטאָט. די ערשטע אויטאָס, וואָס זענען אָנגעקומען צום טויער פון לאַגער, האָבן זיך פאַר־פּלאָנטערט אין דעם באַוועגונגס־קאָרק, וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער פינצטערער גאַס, ווו עס זענען געפאָרן די טאַנקן און טאַנקעטקעס, דזשיפּן און אַמבולאַנסן, אַהין און צוריק. אַ טייל פון די אויטאָבוסן האָבן זיך פאַרהאַלטן נאָענט צום אָרט, ווו עס זענען געפאַלן די שראַפּנעלן פון דער ירדנישער אַרטילעריע. אַן איניציאַטיוופולער קאָמאַנדיר האָט גענומען אויף זיך די אחריות און געקערעוועט דעם קאַראַוואַן אויף צוריק קיין בית הכרם. די אָפיצירן האָבן גיך אַרויסגעגעבן באַפעלן, אַז די פּאַראַשוטיסטן זאָלן אַראָפּ פון די אויטאָס און זיך צעוואַרפן לענגאויס די ווענט און ביי די אַריינגענג צו די הויז־טרעפּ.

קאָמאַנדירן פון די קאָמפּאַניעס האָבן געמאַכט אַ לעצטע באַ־מיאונג צו באַקומען אַמוניציע, וואָס האָט געפעלט. אַ מאַנגל אין אַמוניציע האָט זיך אויך געפילט אין די צוויי אַנדערע

באַטאַליאָנען. די אויסשטאַטונג פון דער פּאַראַשוטיסטן לאַנדונג, וואָס איז פּלאַנירט און אָפּגערופן געוואָרן, איז געבליבן, לויט די אינסטרוקציעס איינגעפּאַקט, אויפן פאַל ווען עס וועט פאַרקומען אַ פּלוצימדיקע ענדערונג אין דער אויפגאַבע. כדי צונויפצופּאַקן פון־דאָס־ניי אַ לאַנדונגס־אויסשטאַטונג פאַר אַ בריגאַדע, וואָלט זיך געפאָדערט פיל צייט. די קופּעס אַמוניציע, פאַרפּאַקט אין די לאַנדונגס־זעק, זענען אַלזאָ געבליבן ליגן ווי אַ שטיק אומנויטיקער באַלאַסט אויף דעם קאָנצענטראַציע־פּונקט, וועלכן זיי האָבן אייליק פאַרלאָזט. דער מאַנגל אין קוילן פון מינע־וואַרפער, גראַנאַטן און אין לייכטער אַמוניציע וועט זיך נאָך לאָזן פילן שפּעטער אין דער סטאַדיע פון קאַמף פאַר די פּאָזיציעס, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אויף צו דעראָבערן.

אויפן אויבערשטן שטאָק אין די הייזער פון בירגער האָבן זיך די קאָמאַנדירן פאַרנומען מיט די בינטלען פון די ערשטע און לעצטע באַפעלן. די צייט האָט געדרענגט, נישט אַלע האָבן געהאַט לופט־פאָטאָגראַפיעס און מאַפּעס. אויפן סמך פון אייליקע אויסשפּירן, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אויפן אָפּשניט, אָדער אָבסער־וואַציעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן פון דעם פּילשטאָקיקן הסתדרות־הויז אויף די פּאָזיציעס פון לעגיאָן, זענען די כוחות פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צו זייערע אויפגאַבעס. אייניקע קאָ־מאַנדירן האָבן געוואַרט טאַטנלאָז לאַנגע טייערע שעהן, ביז מען האָט זיי געבראַכט אַ מאַפּע. אָדער עס איז זיי נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי אָנצווייזן די קאָמאַנדירן פון די קאָמפּאַניעס זייערע אויפגאַבעס און זיי באַפוילן אַ ריר צו טאָן די איינהייטן. דאָס איז געווען אַ צוגרייטונג פון אַן אַקציע, וואָס איז געווען אין גייסט מיט די איבונגען פון די צנחנים, וועלכע האָבן צווישן אַנדערע אנטהאלטן אויך א שנעל צוגרייטן זיך אָנצוגרייפן אומ־באַקאַנטע פּאָזיציעס, אויף וועלכע זיי האָבן געדאַרפט לאַנדן אין דער פינצטערניש. ירושלים, און דער עיקר דער טייל פון דער שטאָט הינטער דעם שטעכל־דראָט איז פאַר זיי געווען א מין אומבאַקאַנטער ציל, אויף וועלכן זיי דאַרפן „לאַנדן".

פיל ירושלימער בירגער, וועלכע האָבן באַמערקט די אַלץ שטאַרקער וווּרנדע באַוועגונגען פון מיליטער, זענען אַרויס פון זייערע מקלטים. דאָס איז געווען די שיינע צייט פון די איינוווי־נער פון בית הכרם. פרויען מוטערס, יונגע מיידלעך, האָבן צוגע־טראָגן טאַסן מיט קאַפע, קוכנס, טאַצן אָנגעלאָדענע מיט פּירות, צו די קעמפער, וואָס זענען געווען צעוואָרפן לענגאויס די הייזער.

די שטאַפּעטן פון די קאָמאַנדירן און די פאַרבינדלער האָבן

געהאַט פיל אַרבעט אין די לעצטע שעהן פון וואַרטן. דער באַפעל בישט צו עפענען די קאָמוניקאַציע־מכשירים האָט פאַרשווערט זייער ארבעט. די שטאפּעטן האָבן זיך שנעל באוועגט צווישן די רייען און דערפילט די אויפגאַבע פון די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אײַ־בערגעבנדיק באַפעלן פון איין עק קאָלאָנע צו דער צווייטער.

לאסט־אויטאָס, פול געלאַדן מיט אמוניציע זענען אָנגעקומען אין דער שכונה. די בריגאַדע פון ירושלימער קרייז האָט געעפנט אירע מאגאזינען כדי אָנצופילן זיי אין די לעצטע מאָמענטן, וואָס זענען נאָך געבליבן פאַר דעם אַרויסמאַרש, דאָס וואָס עס האָט געפעלט אין די קוילן־טאַשן פון די צנחנים. זעלנער און ציוויליס־טן, וועלכע זענען אַרויס פון די מקלטים, האָבן אויסגעלאָדן די קאַסטנס און האָבן גענומען אָנפילן ווייטערדיקע קוילן־מאַגאַזינען. דאָס קלאַפּעריי פון די קוילן, וועלכע זענען אָנגעלאָדן געוואָרן אין קוילן־מאַגאַזינען און אין די לייכטע קוילן־וואַרפער האָבן אָפּגעהילכט אין די טרעפּן־צימערן. אַן אויסטערלישער קלאַנג — ערשט אָקאָרשט, בלויז מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָבן זיך דאָך דאָ געהערט קינדער־שטימען.

באַטאַליאָן נר. 7, האָט, פונקט ווי אַנדערע באַטאַליאָנען, צוגע־גרייט דאָס בינטל באַפעלן זיינע אין א הויז אין עק פון דער שכונה. ווען די קאָמאַנדירן זענען געווען באַשעפטיקט מיטן צו־גרייטן דעם באפעל פאר זייערע זעלנער, איז אין צימער אריין אַן אַלטע פרוי, די מוטער פון דער באַלעבאָסטע מיט אַ בקשה צו די בחורים: זי האָט געבראַכט מיט זיך אַ פאָן, אַ שטיק ווייס שטאָף, אַ טייל פון וועלכן עס איז געווען געפאַרבן מיט בלויען טינט. די דאָזיקע פאָן איז צוגעגרייט געוואָרן עטלעכע טעג פאַר דעם, איידער די פאַמיליע האָט פאַרלאָזן ירושלימער אַלט־שטאָט, אין דער צייט פון דער אומאָפּהענגיקייטס־מלחמה.

ווען די זעלנער פון ישראל וועלן אַרויף אויף דער אַלט־שטאָט, ווען עס וועט זיך פאַרענדיקן איר דעראָבערונג — האָט די פרוי געבעטן — זאָלן זיי, אויפהענגען די פאָן אויפן כותל המערבי.

די בקשה פון דער אַלטער פרוי האָט עלעקטריזירט די זעל־נער, אויף איין מאָמענט איז געוואָרן זייער שטיל. דאַן האָט אַ קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג געבעטן ביי זיין שעף אַ דערלויבע־ניש צו נעמען די פאָן און זי באהאלטן אין זיין קאמפּס־אויס־שטאַטונג. „ווען מיר וועלן קומען צו דעם כותל, וועל איך זי אליין אויפהענגען אויף די הייליקע שטיינער, האָט ער צוגעזאָגט דער באָבעשין.

און באמת, זמושן, דעם איינציקן רעליגיעזן קאַמפּאַניע־קאָ־מאַנדיר אין דער צנחנים־בריגאַדע, דווקא אים איז געווען באַשערט די עפּאָפּייע פון דער פאָן, וואָס איז טאַקע אין צוויי טעג אַרום אויפגעהויבן געוואָרן איבער דעם כותל המערבי. ווען ער האָט דערהערט די דערציילונג, איז דעם יונגן אָפיציר דורך א ציטער. נאָך אין זייער צאַרטן עלטער, איז ער עולה געווען מתפלל צו זיין צום כותל המערבי. איצט האָט ער דערפילט דעם טיפן באַ־דייט פון דער היסטאָרישער אויפגאַבע, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אים און זיינע חברים. די געשיכטע האָט זיך זייער שנעל פאַרשפּרייט צווישן די זעלנער. פון איצט אָן און ווייטער איז עס שוין נישט געווען קיין געוויינלעכע שלאַכט־אויפגאַבע, נאָר א שליחות, וואָס איז אויף זיי ארויפגעלייגט געוואָרן דורכן יידישן פאָלק.

דער שטאַב פון דער בריגאַדע האָט, מיטן אָנקומען פון דער טונקלקייט, אראָפּגענידערט אויף רח׳ צפניה. דאָרט, אין א ווינקל־הויז, אין הויז פון דער פאַמיליע יאשים, איז פלאַנירט געוואָרן דער אָנגריף. דער שטאַב פון דער בריגאַדע האָט פאַרנומען דעם פּאַרטער: צוויי יונגע זעלנערינס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער לעצטער רעגיסטראַציע פון די זעלנער, וואָס האָבן זיך געקליבן אַרויסצוגיין אין שלאַכט. אַ ציווילער טעלעפאָן איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין טרעפּנצימער, און איז געוואָרן אַ פאַרבינדונגס־מיטל פאַר די אָפּעראַציעס פון דער בריגאַדע.

איינקע קעמפער האָבן אויסגענוצט דעם טעלעפאָן, כדי זיך צו פאַרבינדן מיט זייער היים. פון דער אַנדערער זייט ליניע האָט מען געקענט הערן שטימען פון פרויען און קינדער, וואָס האָבן געבענטשט זייערע מענער און פאָטערס צו זייער אַרויסגיין אין דער מלחמה.

גאַס־אַרויף האָבן זיך אין די פאַרנאַכט־שעהן געצויגן די לעצטע עוואַקואירטע פון די פאָדערשטע שכונות צום צענטער פון שטאָט. אַ פרוי אין די לעצטע שוואַנגערשאַפט חדשים, האָט געשטופּט פאַר זיך א קינדער־וועגעלע. נעבן איר איז געגאַנגען איר מאַן, וואָס האָט געטראָגן שפּייז־פּראָדוקטן. ער האָט זיך געוויס געריכט אויף א לאנגער באלאגערונג. אויף איין מאָמענט איז די פרוי געבליבן שטיין נעבן דער קעמפער־גרופּע, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף א צוים פון איינעם פון די הייזער. דערנאָך האָט זיך אין אירע אויגן באַוויזן אַ פונק פון אַ פעסטער אַנטשלאָסנקייט. זי איז צוגעגאַנגען צו אַ קעמפער, אים אַרומ־גענומען און געשעפּטשעט: „איר זייט משיחים, איר זייט משיחים״.

איר מידע טרויעריקע געשטאַלט איז פאַרשווונדן אין די פינצטערע געסלעך. אַ פּריוואַטער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג גאַס, און דריי קינדער זענען אַרויס פון אים. דער שאָפער פון אויטאָ האָט געבעטן אַ צנחן באַגלייטן די קינדער אַהיים. „ערשט איצט האָט מען זיי געקענט אַרויסנעמען פון שול", האָט ער זיך אַנטשולדיקט. אַ זעלנער מיט געווער האָט גענומען די קינדער פאַר די הענט, און זיי געפירט איבער דער גאַס, וואָס איז באָמבאַרדירט געוואָרן.

אין פאַרטער פון דער אימפּראָוויזירטער קאָמאַנדע־שטעלע, האָבן די שטאַבס־אָפיצירן אָפּגעגעבן די לעצטע באַפעלן. די באַלע־באָסטע פון הויז איז געזעסן אין ווינקל מיט פאַרלייגטע פיס אויף אַן אָפּגעטראָגענעם טעפּיך. זי האָט פאַר זיך אַוועקגעשטעלט אַן אַלטע פּתיליה, פאַרבריט טיי און געקאָכט קאַווע. זי האָט געוויינט און מתפלל געווען. „גאָט זאָל העלפן" — האָט זי געהאַלטן אין איין מורמלען ביז די צנחנים זענען אַרויס פון איר הויז. איר זון, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, האָט אַרויסגענומען סיגאַ־רעטן־שאַכטלען און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די צנחנים. ער האָט זיי געבעטן, אַז מען זאָל אַרויפלייגן אויף אים אַ וועלכע נישט איז אויפגאַבע, ער האָט מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן געוואָלט העלפן. „איך וועל אַרויסגיין מיט אייך" — האָט ער געזאָגט. און באמת, אויף צומאָרגנס האָבן די צנחנים געזען ווי ער פאַרנעמט זיך מיט זייערע פאַרוווּנדעטע. דאָס לעצטע באַפעלן־בינטל פאַר די קאָמאַנדירן פון די באַטאַליאָנען האָט זיך פאַר־שפּעטיקט. עוזי, דער קאָמאַנדיר פון 7־טן באַטאַליאָן, האָט זיך פאַרהאַלטן. דאָס וואַרטן האָט אָנגעצויגן די נערוון פון די קאָ־מאַנדירן ביז צום פּלאַצן. ווען עוזי איז אָנגעקומען און אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ שמייכל, איז אַלעמען לייכטער געוואָרן. ער האָט דערציילט, אַז ער איז אַרונטער צום געביט, ווו זיינע כּוחות וועלן דורכפירן דעם דורכברוך. אין דער טונקלקייט האָט ער באַוויזן אַרונטערצוגיין און כאַפּן אַ בליק אויף די צוימען און פעסטשטעלן די שטעלונגען פון לעגיאָן. זיין קאָמאַנדירן־קאָלעקטיוו האָט פאַרזוכט דעם טעם פון פייער, נאָך איידער עס האָט זיך אָנ־געהויבן די שלאַכט.

דער אָפּעראַציע־אָפיציר פון באַטאַליאָן 8, חגי, אַן איינוווינער פון ירושלים, איז אָנגעקומען אין שטאַב פון דער בריגאַדע. אָקאָרשט האָט ער זיך צוריקגעקערט פון זיין הויז גייענדיק פון בית הכרם אויף רח' צפניה, האָט ער נאָך באַוויזן אַריינצוכאַפּן זיך אין זיין הויז און זיך געזעגענען מיט זיינע קינדער. „איצט ווייס איך,

פאַרוואָס איך וועל די נאַכט קעמפן", האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים, אַקוראַט ווי ער וואָלט עס פריער נישט געוווּסט.

אין אַבסאָלוטער פינצטערניש איז דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע „מוטה" אַוועק אין צענטער פון דער שטאָט, אין שטאַב פון ירושלימער קרייז. זיין אויטאָ האָט זיך באַוועגט איבער די פינצטערע געסלעך און זיין שאָפער האָט זיך פון צייט צו צייט אָפּגעשטעלט ביים דערהערן דעם אויפרייס פון די קוילן פון די מינע־וואַרפערס, וועלכע זענען געפאַלן אויף די גאַסן. דער שטאַב פון דער ירושלימער בריגאַדע האָט אויסגעזען ווי אַ מוראַשקעס־נעסט. אָפיצירן זענען איינער נאָך דעם אַנדערן געקומען און אַוועק. פּאָליציי־אָפיצירן זענען אין די ווינקלען פון די צימערן געזעסן איבערגעבויגן איבער טעלעפאָן־אַפּאַראַטן, גרייט אַרויסצו־גיין אין וועג אויף יעדן רוף און אַרויסצונעמען געטראָפענע ביר־גער. די סאַלוון פון די מינענוואַרפער־באָמבעס, וואָס זענען געפאַלן אָן אויפהער, האָבן טאַקע קלאָר געמאַכט, אַז זיי וועלן האָבן פיל אַרבעט.

איבער אַ טיש, פול אָנגעלייגט מיט מאַפּעס, איז געשטאַנען איבערגעבויגן עמוס, דער קצין האג"ם פון דער ירושלימער ברי־גאַדע, כדי איבערצוגעבן די לעצטע אינפאָרמאַציע־מאַטעריאַלן. גלייכצייטיק האָט ער באַפוילן זיינע אַפּראָוויזאַציע־אָפיצירן צוצו־שטעלן צוגאָב־אויסשטאַטונג צו די צנחנים. — „זיי גייען אַרויס קעמפן די נאַכט" — האָט ער געזאָגט, — און דאָס איז געווען געניגג פאַר אַלעמען. אַ יונגער סערזשאַנט פון אינפאָרמאַציע־דינסט האָט זיך אַוועקגעזעצט פון איין זייט פון טיש. מיט אַ שטים פון אַ שילער האָט ער ראַפּאָרטירט די העכערע קאָמאַנדירן וועגן דער לאָקאַציע פון די לעגיאָן־פּאָזיציעס אין דורכברוך־אָפּשניט. נעבן אים איז געזעסן דעם אינזשינעריע־אָפיציר לאַסקאָוו, וואָס איז שוין לאַנג אַריבער דעם 60־טן יאָרטאָג פון זיין לעבן. דער אַלטער אָפיציר האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויפן יוגנטלעכן קעגן אים, אַקוראַט ווי ער וואָלט געווען זיין אייניקל, און איז זיך צעגאַנגען פון נחת.

אויפן זעלבן טיש האָבן די שטאַב־אָפיצירן געגעסן זייער לעצטע מאָלצייט פאַר דער שלאַכט: דיקע שטיקער ברויט, באַ־שמירט מיט סאַרדינען פון זייערע קאַמפּס־ראַציעס, אַפּעלסין־פענעצן און טיי, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין הייסע פּלאַסטיק גלעזער.

דער אלוף פיקוד המרכז איז אַריין אין צימער, האָט אויסגע־הערט פון „מוטהן" די פּלענער פון אָנגריף, האָט זיך פאַרטראַכט

און צום סוף זיי באַשטעטיקט. די אויפגאַבע פון די צנחנים איז דעפינירט געוואָרן אין אַ קורצער שפּראַך: אויף דער בריגאַדע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו דעראָבערן דעם געביט פון שיך ג׳ראח, די שכונה ואדי ג׳וז ביז דעם ראָקפעלער מוזיי. זי דאַרף זיין גרייט, נאָכן פאַרענדיקן אָט די פאַזע, צו דעראָבערן די אַלטשטאָט.

צוליבן מאַנגל פון צייט האָבן זיך די צנחנים נישט געקענט דערלויבן דעם לוקסוס פון אַ ווייטערדיקער מחשבה וועגן דער אויפגאַבע, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיי. דער אלוף האָט אויפגעקלערט „מוטהן״, אַז עס לאָזט זיך אָפּלייגן דעם אָנגריף ביז פרימאָרגן — אַז מיט דער הילף פון עראָפּלאַנען און טאַנקען וועט מען קענען ווייכער מאַכן די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון לעגיאָן. „מוטה״ האָט זיך באַראַטן מיט די קאָמאַנדירן פון די באַטאַליאָנען, און דערנאָך האָט ער געבעטן אַ דערלויבעניש אָנצוגרייפן נאָך די זעלבע נאַכט. די אַלטע קעמפער, רייך מיט דערפאַרונג, האָבן פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייט אַ שלאַכט אונטער דער שוץ פון דער פינצטערניש און האָבן נישט מסכים געווען מוותר צו זיין אויף אָט דער שוץ.

דער גענעראַל־שטאַב האָט באַשטעטיקט דעם ווילן פון די צנחנים. פאַר האַלבער נאַכט פון ערשטן מלחמה־טאָג איז אין זייערע הענט געווען דער פּלאַן פון אָנגריף. די שטאַב־אָפיצירן זענען ווידער אַרויס אין שטאָט. דאָס מאָל האָבן די קאָמאַנדירן געקלעטערט איבער די פינצטערע טרעפּ פון הסתדרות־בנין, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטאַב פון ירושלימער בריגאַדע, וועלכע האָט נאָך געקעמפט אין דרום פון שטאָט. דאָרט, אויפן אָפענעם דאַך, האָט דער קאָמאַנדיר פון קרייז אין קורצן אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם קאָמאַנדיר פון די פאַראַשוטיסטן וועגן די געשעענישן פון טאָג, געשילדערט פאַר אים די לאַגע, אין וועלכער די שטאָט געפינט זיך אין דעם מאָמענט. כדי קלאָרער צו מאַכן די לאַגע, האָט ער באַפוילן אָנצינדן אַ ריזיקן פּראָזשעקטאָר, וואָס האָט באלויכטן מיט טאָג־ליכט די ירדנישע שטאָט. די ווייסע הייזער פון דער שטאָט האָבן זיך פּלוצלונג באוויזן אזוי נאָענט. די פאַרדרייטע און נידעריקע צוימען האָבן זיך נישט באַוויזן אין דעם בלישטשענדיקן ליכט־סנאָפּ. ווי אויסטערליש עס איז געווען א טראַכט צו טאָן, אַז מויערן פון בעטאָן און שטעכל דראָט און אַ ים פון שנאה טיילן אָפּ דאָס הויכע הויז פון די נידעריקע הייזער, וועלכע געפינען זיך בלויז אויף אַן אָפּשטאַנד פון הונדערטער מעטער פון דער קאָמאַנדירן־גרופּע.

מוצי, דער אינפאָרמאַציע־אָפיציר פון קרייז, האָט צוגעגעבן ידיעות פון לעצטן מאָמענט. די ירדנישע באָמבאַרדירונג אז גע־וואָרן נערוועזער, צעטומלט און נישט אָרגאַניזירט. די הארמאטן־קוילן האָבן געאַקערט די גאַסן פון דער שטאָט, אַריבערגעאַנגען פון איין געסל צו אַ צווייטן, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געוואָלט פעסטשטעלן, וואָס עס גרייט זיך אין דעם יידישן ירושלים. אין איין איינזאַמען בנין האָט געברענט ליכט. דאָס איז געווען דאָס הויז פון דער וואָפנשטילשטאַנדס־קאָמיסיע, וואָס האָט ביזן פרימאָרגן פון 5־טן יוני געהאַט אַ ספּעציעלן באַדייט.

דער טערמין פון אַרויסמאַרשירן, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף האלבער נאכט, איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף ווייַ־טערדיקע צוויי שעה. דער דרוק פון צייט האָט זיך באַמערקט ביי די קעמפער, וועלכע האָבן אויסגעזען מיד נאָך איידער זיי האָבן געמאַכט דעם ערשטן שריט צו די צוימען. דער שטאַב־קאָלעקטיוו האָט זיך צוריקגעקערט אויף רח' צפניה, ווו „מוטה" האָט באַגעגנט דעם קאָמאַנדיר פון דער הילפּס־טאַנקען־קאָמפּאַניע. צו זייער גוטן מזל, איז רפי, דער קאָמאנדיר, געווען אן איינ־ווויינער פון ירושלים. ער האָט געקענט די גאַסן און די צילן, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר די קלעפּ פון זיינע האַרמאַטן. די טאַנקן זענען גערופן געוואָרן זיך דערנענטערן מער צו דער אַרענע פון שטורעם.

אַ שעה נאָך האַלבער נאַכט. די אויטאָבוסן באַוועגן זיך צפון־מזרחדיק צו די צוגרייטונגס־פּונקטן. אין די טונקעלע אויטאָבוסן האָבן די קאָמאַנדירן געגעבן אינסטרוקציעס די זעלנער, צום ערשטן און לעצטן מאָל, וועגן דער אויפגאַבע, וואָס עס שטייט פאַר זיי. אַלע האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. קיינער האָט זיך נישט באַקלאָגט, אַז די צייט איז צו קורץ אויף צו לערנען דעם וועג און פולשטענדיק פאַרשטיין די באַפעלן. פיל סאָלדאַטן האָבן בכלל נישט געזען די מאַפּעס. אַנדערע זענען איצט געפאָרן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן אין ירושלים.

דער קאַראַוואַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן דורך די באָמבאַרדירטע גאַסן צום ראָג, פון וועלכן די כוחות האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט און זיך געווענדעט צו די דורכגענג, וואָס זיי וועלן דורכברעכן אין עטלעכע שעה אַרום, כדי אויסצולייגן אַ וועג פאַר דער דער־אָבערונג פון אַלט־ירושלים.

# דער דורכברוך

דריי צנחנים־באַטאַליאָנען האָבן געפּלייצט באַרג־אַראָפּ אין די פינצטערע גאַסן פון דער שטאָט ירושלים. דאָס ליכט פון די אויפגעריסענע מינען־וואַרפער קוילן, און די טראַסעס פון די לויכטנדיקע קוילן האָבן געוויזן דעם וועג די גרופּן, וואָס האָבן מאַרשירט בראש. „די טעאַטערס זענען היינט ליידיק", האָט געקלערט אויפן קול עמוס, דער קצין אג"ם פון דער בריגאַדע, וועלכער האָט געפירט דעם שטאַב פון דער בריגאַדע צו דעם הויז אויף רחוב יואל הנביא, וועמענס דאַך עס קוקט אַרויס אויף די צוימען פון דער פּאָליציי און אויף דער נידעריקער שטיינער־מויער, וואָס צעטיילט די שטאָט אין צוויי טיילן.

די לעגיאָנערן האָבן געשאָסן מיט זייערע קוילנוואַרפער אויף די אָנהויבן פון די גאַסן, פון וועלכע עס האָט זיך געהערט דער געררויש פון די טאַנקן־קייטן, וואָס האָבן זיך געקייטלט מיט דונער צו די דורכברוך־צוימען. אויף זייער וועג האָבן זיך די אָפּיצירן אָנגעשטויסן אויף די לעצטע גרופּן פון די כוחות. אַנדערע איינהייטן וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו פּאַראייניקן זיך מיט זייערע באַטאַליאָנען, האָבן זיך שנעל באַוועגט פאָראויס. אריק, דער אינפאָרמאַציע־אָפיציר, האָט געוויזן די אָפיצירן דעם וועג, און זיי האָבן זיך געאײַלט פאָראויס. די מעטאַל־קלאַנגען פון די פאַרבינדונגס־מכשירים און פון געוועער אויף די קערפּערס פון די קעמפער זענען ווידער און ווידער פאַרשלונגען געוואָרן אין די קולות פון די אַלץ אָפטערע אויפרייסן.

צוויי אַזייגער באַגינען האָבן זיך דערהערט מעכטיקע אויפרייסן, וואָס האָבן פאַרטויבט אַלע אַנדערע גערוישן. שווערע אויפרייס־לאָדונגען האָבן געפּלאַצט אויפן ירדנישן שטח און באַצייכנט דעם אָנהויב פון דעם אָנגריף. עטלעכע מינוטן שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונג פון די מינען־וואַרפער באַטערייען, וואָס האָבן געהאָלפן דער צנחנים־בריגאַדע און פון אַנדערע באַטערייען, וועלכע די בריגאַדע פון ירושלימער קרייז האָט צוגעגעבן צו דער צנחנים־בריגאַדע, כדי זיי צו העלפן דורכצופירן די אויפגאַבע. אַ שטאַרקער אַרטילערישער דועל האָט איןביידע זייטן

שטאָט אויפגעהויבן פייער־בלומען. אַ טייל שראַפּנעלן האָבן גע־טראָפן די לעגיאָן־שטעלונגען אויף דער פאָדערשטער ליניע, און אַן אַנדער טייל האָט געטראָפן די שטיינערנע הייזער פון דער ייִדישער שטאָט. די מעכטיקע אויפרייס־קלאַנגען האָבן באַוויזן, אַז די קוילן טרעפן די געטעסעטע ירושלימער שטיינער. נעבן די צוימען פון דער פּאָליציי האָבן די צנחנים גענומען זיך באַוועגן פּאַראויס לויפנדיק. די מענטשן פון יוסי האָבן זיך צום ערשטן מאָל פאַרהאַלטן אין סאַמע מיט פון פייער, כדי צו באַנדאַזשירן דעם ערשטן פאַרוווּנדעטן: אַ צנחן איז געטראָפן געוואָרן אין אָרעם, וואָס האָט זיך באַוועגט אויף זײַנע מוסקול־פּעדעם. בלוט האָט צום ערשטן מאָל אַ שפּריץ געטאָן אויף דער גאַס. די צנחנים זענען געלאָפן ווייטער צום אָפענעם שטח צו די צוימען.

אַ דזשיפּ מיט אַ האַרמאַט אַן צוריקשטויס איז אָנגעקומען אין געביט פון דורכברוך. זײַנע מענטשן זענען אַרויסגעשפּרונגען, בעת ער איז נאָך געפאָרן און גענומען קריכן צו זוכן אַ שוץ. „איך בין דערהרגעט״, — האָט אַ געשריי געטאָן אַ קעמפער, וועל־כער איז צעטראָטן געוואָרן דורך די רעדער פון צעווילדעוועטן דזשיפּ, אויף וועלכן דער שאָפער האָט פאַרלאָרן די שליטה.

סרן גיורא, דער קאָמאַנדיר פון דער זיך דורכרייסנדיקער קאָמפּאַניע, האָט באַפוילן די אונטערגעאָרדנטע אים אָפיצירן צו ברענגען שנעל די אָפּטיילונגען, וועמענס אויפגאַבע עס איז צו־צושמידן די לעגיאָנערן צו זייער אָרט און איינשטילן זייער פייער מיט וועלכן זיי האָבן באַשאָסן פון שטעלונגען, וואָס האָבן באַ־הערשט דעם געביט פון דורכברוך. פון אָט דעם קורצן אָפּשטאַנד האָבן זיך געזען דריי בונקערס און אַ בעטאָן־גרובן אויף אַ הויכן בערגל איבער צוימען. די לעגיאָנערן האָבן זייער לייכט געקענט באַגיסן מיט פייער דעם אָפענעם פּלאַצן פּלאַץ, ברייט־אויס פון וועלכן עס האָבן זיך געצויגן די שטעכל־דראָט צוימען. דער סילו־עט פון פאַסאַד פון דער פּאָליציי־געביידע האָט זיך קלאָר געזען איבער דעם נידעריקן גלייכן פּלאַץ. די פענצטער פון דער פּאָלי־ציי־געביידע זענען געווען פאַרטונקלט. ווען די שראַפּנעלן פון די מינענוואַרפער האָבן גענומען פאַלן נעבן פאַסאַד פון דעם באַשטימטן אויף צו דעראָבערן ציל, זענען שוין די צנחנים געווען נעבן די צוימען. אַן אָפּטיילונג קעמפער האָט לויפנדיק איינגעבויגן זיך דערנענטערט צו דער ערשטער צוים. שנעל זענען אַרויסגע־צויגן געוואָרן די דראָטן־שערן. צום גוטן מזל פון די בחורים, איז דאָס ירדנישע פייער געפלויגן איבער זייערע קעפּ.

די קוילן זענען געבליבן שטעקן זאַלפּנווייז, קורצע און לאַנגע,

אין די וועגט פון די נייע שיכונים, צעשמעטערנדיק די שויבן, וואָס זענען נאָך געבליבן נאָך דער פייער־שלאַכט, וואָס האָט גע־דויערט דעם גאַנצן טאָג.

די דראָטן פון דער פאַרזשאַווערטער צוים זענען צעשניטן געוואָרן מיט אַ גרילץ איינער נאָכן אַנדערן. די חיילים, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צוצושמידן דעם שונא צו זיין אָרט, צו זיינע שטעלונגען, האָבן פון לינקס און רעכטס געלאָזן אין גאַנג זייערע שווערע קוילנוואַרפער ביז די רערן זענען רויט געוואָרן פון היץ. הונדערטער קוילן האָבן געטראָפן דעם פאָדער־שטן טייל פון גראָבן, די בעטאָן־ווענט פון דער פאָליציי און די פענצטערלעך פון די בונקערס. די פאַראַשוטיסטן האָבן געוווּסט, אַז דער אויסגאַנג פון קאַמף איז עלול באַשטימט צו ווערן אין די ערשטע מינוטן.

די ערשטע צוים ליגט אויף דער ערד. אַ ווייטערדיקער רינג פון צנחנים דערלאַנגט זיך שנעל אַ לאָז אויף דער צווייטער צוים. „סאַניטאַר, איך בין פאַרווונדעט", דערהערט זיך אַ געשריי פון אַ דערשראָקענעם באַזוקאַ־זעלנער, ביי וועמען די שפּליטערן פון אַ האַרמאַטן־קויל האָבן צעריסן דעם קערפּער. אין פייער פון שטורעם פאָרויס גייט צו אַ זעלנער צום פאַרווונדעטן, שלעפּט אים פאַר זיין גאַרטל אויף דער ערד און לייגט אים אַוועק ביי דער זייט פון שטעג. „דו ביסט אין אָרדענונג. נאָך אַ ווײַלע און מען וועט דיך אַרויסנעמען פון דאַנען, נישטאָ וואָס מורא צו האָבן" — האָט ער געפּרווּט באַרואיקן דעם פאַרווונדעטן און פאָרגעזעצט זיין געלויף פאָראויס. אַ ווייטערדיקע האַרמאַטן־קויל איז געפאַלן נעבן דעם פאַרווונדעטן קעמפער, אָנגעצונדן דאָס דערנער־פעלד, אויף וועלכן ער איז געלעגן. ער האָט אַרויפגע־לייגט זיין האַנט אויף די ווונדן און זיך אַ קייקל געטאָן אויפן פייער, כדי עס צו פאַרלעשן. זיין בלוט האָט געהאָלפן פאַרלעשן די ברענענדיקע דערנער. אַ קעמפער, וואָס איז געלעגן אויף דער רעכטער זייט פון צוים און באַגאָסן מיט קוילן דעם ציל, וואָס איז געלעגן פאַר אים, איז געטראָפן געוואָרן דורך אַ קויל. ער איז געבליבן ליגן אויף זיין קוילנוואַרפער. „וווהין לויפן זיי?" — האָט ער געטראַכט יעדעס מאָל ווען עס האָט זיך אָנ־געצונדן אַ פייער, וואָס האָט באַלויכטן זיינע חברים, וועלכע האָבן ווייטער גאַלאָפּירט פאָראויס.

די צווייטע מינירער־גרופּע האָט זיך עטוואָס פאַרלאַנגזאַמט אין איר אַרבעט. אַ מינירער האָט אַרונטערגעשטופּט אונטער דער צוים אַ רער־לאָדונג, וואָס האָט בלויז טיילווייז אויפגעריסן. די

לאַנגע אויפרייס־רער איז איבערגעבראָכן געוואָרן, בעת אַ זעלנער האָט זי געטראָגן צו דער צוים, און ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין ברוסט. אַ מינירער האָט אַ צי געטאָן דעם צינדער. עס האָט זיך דערהערט אַ געדעמפּטער אויפרייס־דונער. די מינירער האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ פון דער ערד און זיך אַ ריס געטאָן ווי־דער פאָראויס. בלויז אַ טייל פון דער צוים איז צעריסן געוואָרן. אַנדערע דראָטן זענען געבליבן אָנגעצויגן און פאַרשטעלט דעם צוגאַנג צו דעם קאָכעדיקן קעסל, וואָס האָט זיך געפונען פון פאָרנט. אַ מינירער, וואָס האָט געהאַט נאָך אַן אויפרייס־לאָדונג, איז ווידער געלאָפן צו דער צעריסענער צוים, אָבער ער איז גע־טראָפן געוואָרן ביים לויפן, און שפּעטער האָט מען געפונען בלויז זיין צעריסענעם אַמוניציע־פּאַס. אין דעם שרעקלעכן טומל, וואָס איז פאָרגעקומען אין געביט פון די צוימען, איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט די פאַרוואונדעטע. די צוים איז געווען די איינציקע אויפגאַבע. די אָפיצירן האָבן אונטערגעאיילט זייערע זעלנער זיך פּרווון דורכצורייסן אַ צווייט מאָל. אַ ווייטערדיקע גרופּע מינירער האָט זיך לויפנדיק דערנענ־טערט און אונטערגעלייגט דעם בונגאלאר. דער אויפרייס האָט איבערגעלאָזן הינטער זיך אַ פאַרסמאַלעטן שטעג, וואָס האָט דער־מעגלעכט די אַנגרייפנדיקע כוחות זיך דורכצורייסן.

סרן דאָדיק, אַ קאָמאַנדיר פון אַ קאָמפּאַניע, האָט געדאַרפט פירן זיינע מענטשן דורכן שטעג צו די גראָבנס. די מינירער האָבן אָנגעצייכנט זיין וועג מיט אַ ווייסער לענטע. אַ חייל האָט מיט אַ האַנט־לעמפּל באַלויכטן דאָס אָרט פון דורכברוך. דער זעלנער איז געפאַלן נעבן אַ קערפּער פון אַ פאַרוואונדעטן און דאָס ליכט פון זיין לעמפּל איז פאַרשלונגען געוואָרן אין קערפּער פון געטראָפענעם. אויך די ווייסע צייכן־לענטע איז פאַרשוווּנדן. אַ חייל האָט גענומען די איניציאַטיוו, זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און גענומען שרייען בקולי קולות: „די עפּענונג, די עפּענונג״. די צנחנים האָבן גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון די קולות. ניר, דער געהילף פון דאָדיק האָט געזען, אַז דער שטורעם פאַר־ציט זיך. ער איז פאַרבייגעלאָפן די חיילים און געקומען צום גראָבן ביים פּאַסאַד פון דער געביידע. ווען די ערשטע גרופּע איז דורכגעלאָפן דעם קורצן שפּוע אויפן וועג צום ערשטן בונקער, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין אַ ווייטערדיקער צוים, וועלכע איז דורכגעצויגן געוואָרן בלויז עטלעכע סענטימעטער פאַר דעם גראָבן.

קאָמאַנדירן האָבן אָנגעהויבן שרייען: „נאָך אַ בונגאַלאָר

אַהער!״ סרן מיכה האָט געוווסט, אַז ער איז דער קאָמאַנדיר פון דער דריטער מינירער־גרופּע. ווען ער האָט אין טומל אויפגעכאַפּט די געשרייען „אַ וווייטערדיקע גרופּע״ — האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון אַ זעלנער אַ בונגאלאָר, אַרויפגעקראָכן אויפן שיפּוע און אַרונטערגעלייגט די לאָדונג אונטער דער צוים. דריי מאָל האָט ער געפּרוווט אָנצינדן דעם קנויט און יעדעס מאָל האָט ער זיך אַרונטערגעקייקלט מיטן שיפּוע אויף צוריק. צום סוף האָט די רער אויפגעריסן. איצט איז דער וועג געווען אָפן. דער ערשטער קאָמאַנדיר איז געטראָפן געוואָרן אויפן וועג צום גראָבן. דער אָפיציר איז געטראָפן געוואָרן דורך די שפּליטערן פון אויפגעריי־סענעם בונגאַלאָר. ער איז געפאַלן אויפן שיפּוע און זיך אַראָפּ־געקייקלט צופוסנס פון אים.

אַ צווייטער אָפיציר האָט איבערגענומען די קאָמאַנדאָ. די זעלנער האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פאָראויס, און די רופן פון די קאָמאַנדירן האָבן זיי דערמונטערט. נעבן גראָבן זענען געלעגן עטלעכע צנחנים אויפן אָנגעשאָטענעם באָדן, אויף וועלכן עס האָבן געטראָטן די הויכע שיך פון זייערע חברים — די ערשטע הרוגים, פאַרווונדעטע פון וועמען עס האָט געפלאָסן בלוט. סאַ־ניטאַרן האָבן אַרויסגענומען מעדיצינישע אויסשטאַטונג פון זייע־רע זעק. ווונדן פון קוילן און פון מינענוואַרפער־שפּליטערן, וואָס האָבן געשאַפן לעכער אין די קערפּערס פון די זעלנער, זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט ווייסע פערזענלעכע באַנדאַזשן, וועלכע זענען רויט געוואָרן פון בלוט. פאַרווונדעטע זענען אָפּגעשלעפּט געוואָרן אויף צוריק, כדי זיי זאָלן נישט געטראָפן ווערן פון דעם פייער, וואָס האָט געבושעוועט.

אין גראָבן האָבן די צנחנים אָנגעהויבן זייערע ערשטע קאַמפן פון מאַן צו מאַן מיט די לעגיאָנערן. אין דער בעטאָן־שטעלונג, וואָס האָט באַהערשט דעם געביט פון דורכברוך, זענען געלעגן לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַנטלויפן. זייערע קער־פּערס זענען נאָך געווען וואַרעם. אַ צנחן, אַ פאַרבינדלער, איז געלעגן, קרעכצנדיק, און דער פאַרבינדונגס־מכשיר איז נאָך גע־לעגן אויף זיין רוקן. פון דעם מכשיר האָבן זיך געטראָגן די קולות פון שלאַכט, וואָס עס האָט געפירט אין דעם מאָמענט אַ באַטאַליאָן, וועלכער האָט זיך דורכגעריסן פון רעכטס. די חיילים האָבן גוט געהערט די הייזעריקע שטימען פון זייערע חברים, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון מכשיר, וועלכער איז געלעגן אויף דער ערד.

גלייכצייטיק האָבן די איינהייטן פון עוזי געפירט די שלאַכט פאַר זייערע צוימען. עוזי איז געווען דער איינציקער קאָמאַנדיר,

ווען עס איז געלונגען פעסטצושטעלן די פונקטן, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרנעמען, אין ליכט פון טאָג, זיין שנעלער אויסשפיר האָט דערמעגלעכט זיינע מענטשן צו קומען צום פינקטלעכן אָרט אין די צוימען. צוויי אָפּטיילונגען, ווען מען האָט אויפגעגעבן עס איז געווען צוצושמידן דעם שונא, זענען געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון אָפיצירן, געשפּאַנט אין זייערע פּאָזיציעס, בעת דער הויפּט־כוח איז געקומען צום געביט פון צוים. דער קאָמאַנדיר פון דורכברוך־כוח האָט געבעטן אַרטילערישע הילף. אונטערן שוץ פון דער באָמבאַרדירונג האָט ער גענומען פירן 5 מינירער־גרופּן צו די צוימען.

די ערשטע צוים איז אויך דאָ איבערגעשניטן געוואָרן מיט דראָט־שערן. זיו און עוזי, צוויי מינירער, ווען מען האָט אויפגעגעבן עס איז געווען איבערצושניידן די צוים, האָבן עס געטאָן זייער רואיק, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געווען די איינציקע אַרטיסטן אין אַ דער פאָרשטעלונג. נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער ארבעט, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אין אַ צווייטער צוים. עס איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל זי צו באַזייטיקן מיט דער הילף פון אַ בונ־גאַלאָר. לינקס פון די מינירער איז געשטאַנען אַ פאַרברענט הויז, פון וואַנען די לעגיאָנערן האָבן געשאָסן. אַרום דעם הויז איז געווען דורכגעצויגן אַ ווייטערדיקע צוים. די צוים איז נאָך פאַר־קאָמפּליצירט געוואָרן מיט קופּעס שטעכלדראָט, וואָס זענען אַריינ־געוואָרפן געוואָרן אין די דראָטן, וועלכע זענען געווען אָנגעצויגן. דריי בונגאַלאָרן זענען אָנגעווענדעט געוואָרן און אויך די צוים איז אויפגעריסן געוואָרן.

ביז איצט זענען צווישן די חיילים פון עוזי געווען בלויז געציילטע, וואָס זענען גטעראָפן געוואָרן דורך קוילן. די לעגיאָנערן האָבן נאָך נישט פעסטגעשטעלט דעם מיין פון דעם אָנגרייפנדיקן כוח. אָבער די אָנגרייפער האָבן זיך פון צייט צו צייט צוריקגע־קערט, כדי צו נעמען אַ ווייטערדיקן אויפרייס־לאָדונג, און די אָפּטע אויפרייסן האָבן זיי אויפגעדעקט נעבן דער דריטער צוים. דאַן ערשט האָבן די לעגיאָנערן געעפנט אַ פייער פון די הייזער נעבן דער צוים, פון הינטער די שטיינערנע מויערן און פון די וועלדלעך. אָבער זיי האָבן פאַרשפּעטיקט. די גרונט־פּאַזע פון דעם דורכברוך האָט זיך פאַרענדיקט און די אַנטשיידונג איז געלעגן אין די הענט פון כוח, וואָס האָט זיך דורכגעריסן.

די איינהייטן האָבן גענומען שטראָמען פאַרויס. אין ערשטן דורכברוך־פונקט איז געשטאַנען דער קאָמאַנדיר פון שטורעמדיקן

כוח און אָנגעוויזן די איינהייטן זייער וועג. פון הינטער די נידע־ריקע טעראַסן, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן, האָבן די קוילנוואַר־פער געדעקט די אָנגרייפנדיקע כוחות. די לעגיאָנערן האָבן גע־שאָסן אָן קיין שום ציל. אַ קאָלאָסאַלער קוואַנטום פון אַמוניציע איז צעשפּריצט געוואָרן צווישן די ווענט. קוילן האָבן „שפּאַצירט" אויף דער ערד און געוואָרפן וואָלקנס זאַמד אין די אויגן פון די צנחנים. צוויי פּאָזיציעס פון לעגיאָן, וואָס האָבן זיך געפונען אַנטקעגן דעם דורכברוך־ראַיאָן, זענען ליקווידירט געוואָרן איינע נאָך דער אַנדערער. אַ באָמבע פון אַ באַזוקאַ האָט ליקווידירט איין פּאָזיציע, די אַנדערע איז ליקווידירט געוואָרן דורך אַ קויל פון אַ האַרמאַט אָן אַ צוריקשטויס, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אויף אַ דזשיפּ צו די צוימען.

בעת די ערשטע צוויי באַטאַליאָנען האָבן זיך געריסן פאָראויס, איז דער באַטאַליאָן פון יוסי פּ. — באַטאַליאָן 8 — געגאַנגען צום דורכברוך־אָפּשניט פון עוזי. דער באַטאַליאָן האָט געדאַרפט דורכ־גיין דעם שטעג, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם דורכברעכ־ער־רינג פון באַטאַליאָן 7, אריינגיין אויף דער גאַס צאַלאַך א־דין, אויסרייניקן די שכונה, וואָס ציט זיך פּאַראַלעל צום מויער פון דער אַלטשטאָט און אַרויפצוקלעטערן צום ראָקפעלער־מוזיי. די מענטשן האָבן געמוזט זיך באַוועגן שנעל. ממש ביים סאַמע אַריערגאַרד פון זיבעטן באַטאַליאָן, האָבן געוואַרט די ערשטע זעלנער פון באַטא־ליאָן 8 אויף זייער צייט אָנצוגרייפן. אָבער צום שלימזל פון די מענטשן פון דעם באַטאַליאָן, האָבן די לעגיאָנערן באַמערקט די כוונה פון די אָנגרייפער און גענומען שיסן מיט ארטילעריע־פייער די דורכגענג אויף די גאַסן פון דער יידישער שטאָט. מינען־וואַר־פער־שראַפּנעלן זענען געפאַלן צווישן די הייזער אויף די קאָנצענ־טראַציעס פון מיליטער, וואָס האָט זיך געקליבן אין וועג. דאָס איז געווען דער שווערער מאָמענט פון באַטאַליאָן.

דער באַטאַליאָן 8 איז דירעקט געטראָפן געוואָרן אין געביט פון דער שכונה בית־ישראל. די קעמפער האָבן זיך באַמיט צו גע־פינען שוץ נעבן די ווענט. דער געהילפס־קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן גדליה, און דער אָפּעראַציע־אָפיציר חגי, זענען געטראָפן געוואָרן דורך דער באָמבאַרדירונג. אַן ערך 40 זעלנער זענען אויך געטראָפן געוואָרן. דאָס שרעקלעכע אומגליק האָט געטראָפן דעם באַטאַליאָן פונקט דאַן, ווען א גרופּע סאַניטאַרן, צוזאמען מיטן באַטאַליאָן־דאָקטאָר איז אויך דירעקט געטראָפן געוואָרן, און מען האָט גע־דאַרפט עוואַקואירן אויך זיי. די שכונה בית־ישראל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די ערשטע מינוטן פון דער באָמבאַרדירונג אין א

שחיטה־הויז. קעמפער, פאַרוווּנדעטע אין אַלע טיילן פון זייער קערפּער, האָבן אַרומגעוואַנדערט איבער די גאַסן און נישט געפונען זייער וועג.

די פאַדערשטע כוחות האָבן ווייטער „געשטופּט" אויף מזרח. דאָס וואַרטן אויפן אָרט וואָלט באַדייט, פאַרלירן די שלאַכט. זעקס פאַרוווּנדעטע זעלנער זענען געלעגן איינער נעבן דעם אַנדערן אויף דער אויסגעפלאַסטערטער גאַס. איינער פון זיי, פון וועמען עס איז גערונען בלוט, האָט זיך אויפגעהויבן און אַנטדעקט אַ פענצ־טער אין וואַנט פון הויז, נעבן וועלכן ער איז געלעגן. מיט זיין לייכטן קוילנוואַרפער, האָט ער אויפגעריסן דאָס פענצטער און זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק. דערנאָך האָט ער געעפנט די טיר און אַריינגעשלעפּט זיינע חברים, איינעם נאָכן אַנדערן, אין הויז. אין אָט דער דירה האָט ער געפונען אַ קליידער־שאַנק. ער האָט אַרויס־גענומען די העמדער, האָט גענומען פאַרהאַלטן די בלוט־שטראָמען פון זיינע חברים מיט פּאַסן פון שטאָף. מיט דער הילף פון אַ סאַ־ניטאַר, וואָס איז אויך געווען שווער פאַרוווּנדעט, האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געגעבן מאָרפיום־איינשפּריצונגען די יעניקע, וואָס האָבן זיך אין דעם גענויטיקט. און דערווייל האָט אין דער פינצטערניש ווייטער געבושעוועט די באָמבאַרדירונג.

דער אָפּעראַציע־אָפיציר חגי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָטואַר פונעם קליינעם געסל נעבן אַ צעשמעטערטן מכולת־געשעפט, איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין זיינע הענט. דאָס בלוט האָט פאַרגאָסן זיין פּנים. „ווי שרעקלעך דאָס איז צו ציילן די באָמבעס". האָט ער געטראַכט זיך צוהערנדיק צום פאַרדעמפטן גערויש פון די באָמבעס, וואָס האָבן אויפגעריסן קעגן אים. אויפן טראָטואַר קעגנ־איבער, ווו ער איז געשטאַנען עטלעכע מינוט פאַר דער באָמבאַר־דירונג, איז געלעגן אין טויער פון הויף אַ צעריסענער זעלנער אָן קיין שום לעבן־סימן. „סלומון" — האָט געשריען חגי. „דו הערסט?" נישט געווען קיין ענטפער. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען לאַנגזאַם מיט זיינע לעצטע כוחות צו דער סאַניטאַרן־גרופּע. דער דאָקטאָר האָט געבעטן מאָרפיום. אַ סאַניטאַר איז גע־לעגן נעבן אים און געקרעכצט. „דאָקטאָר, איך האָב נישט קיין האַנט אויף צו מאַכן אַן איינשפּריצונג". זיין האַנט איז אָפּגעריסן געוואָרן. באַגיסנדיק זיך מיט בלוט, האָבן די לייכט פאַרוווּנדעטע גענומען זיך פאַרנעמען מיט די שווער פאַרוווּנדעטע. אַ טייל זענען געווען אָן באַוווסטזיין. אויפן ככר השבת, ווו מיט עטלעכע חדשים פריער האָבן יידן געפּירט איינע קעגן די אַנדערע די מלחמת הדת, האָבן איצט פאַרוווּנדעטע קעמפער באַנדאַזשירט איינער דעם אַנ־

דערן. דער באַטאַליאָן סאַניטאַר שלמה עפשטיין, האָט אונטער דער באָמבאַרדירונג באַנדאַזשירט זיינע חברים. ער האָט זיך געקענט באַהאַלטן אין א טיר פון א הויז, אָבער טראָץ דעם שווערן פייער האָט ער ווייטער געטאָן זיין אַרבעט. איינגעבויגן אויף איינעם פון די פאַרווונדעטע, האָט שלמה דערהערט דעם קלאַפּ פון א האַרמאַטן־קויל, וואָס איז געפאַלן נעבן אים. ער האָט באַדעקט מיט זיין קערפּער דעם פאַרווונדעטן און אַזוי געפונען זיין טויט. א קעמ־פער האָט מאַרשירט איבער דער פינצטערער גאַס פאַראויס פאַר זיינע פאַרווונדעטע חברים — און פּלוצים האָט זיין רוקזאַק גע־נומען ברענען. אין רוקזאַק האָבן זיך געפונען מינענוואַרפער־קוילן, וואָס האָבן זיך גענומען רויכערן. דער קעמפער האָט גע־נומען לויפן פאַרויס, באַמיט זיך אַרונטערצוואַרפן דעם רוקזאַק מיטן ברענענדיקן אויפרייס־שטאָף און צו ראַטעווען זיינע חברים.

דער געהילפס־קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע, משה, איז אַרונ־טער פון דאַך, אויף וועלכן עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער קאָ־מאַנדירן־קאָלעקטיוו — וואָס האָט זיך אויך געפונען די גאַנצע צייט אונטער א באָמבאַרדירונג — און גענומען אָרגאַניזירן די עוואַקואַציע פון די פאַרווונדעטע אויף צוריק. די עוואַקואַציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון פאַרווונדעטע סאַניטאַרן, וועלכע האָבן זיך נישט געמאַכט ווּיסנדיק פון זייערע ווּנדן און מיט דער הילף פון זעלנער און ציווילע בירגער, וועלכע האָבן זיך צופעליק געפונען אין דעם אָרט. אָרגאַניזירן א רעגולערע באַהאַנד־לונג פון די פאַרווונדעטע אויפן אָרט איז געווען אוממעגלעך. פיל פאַרווונדעטע זענען געלעגן אויף דער גאַס, אין די גערטנדלעך, אין די טרעפּ־צימערן און נעבן דורכברוך־צוימען. דער שעף פון דער שטאַב־אָפּטיילונג אין באַטאַליאָן 8, וואָס האָט מאַרשירט הינ־טער איינער פון די קאָמפּאַניעס פון באַטאַליאָן, האָט זיך פּלוצים אָנגעשטויסן אויף א גרופּע פון 2 פאַרווונדעטע קעמפער. אַרום אים האָבן זיך געהערט געהילפס־רופן. ער האָט באַמערקט א צי־ווילן אויטאָ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט בלעכן. ער האָט אויפ־געריסן די טיר און געוואָלט אַריבערפירן די פאַרווונדעטע הינטער דער פּאָזיציע. א זאַלפּ פון קוילנוואַרפער האָט געטראָפן די גומי־רעדער, און די לופט איז אַרויס פון דאָרט מיט א פייף. נעבן א וואַנט האָט חנן אַנטדעקט א טיר פון א מקלט, און מיט דער הילף פון רס״ר פון באַטאַליאָן עדוואַרד, האָט ער גענומען אַריינטראָגן די פאַרווונדעטע אין מקלט. ווער עס האָט אַליין געקענט גיין אין הינטערלאַנד — האָט עס געטאָן. אָט די פאַרווונדעטע זענען גע־גאַנגען לאַנגזאַם איבער די גאַסן, זיך אָפּגעשטעלט אויף א ווײַלע,

פאַריכט די באַנדאַזשן אויף זייערע קערפּערס, פאַרהאַלטן מיט זייערע הענט די בלוט־שטראָמען.

די דזשיפּן פון דער אויסשפּיר־אָפּטיילונג, וואָס זענען צופעליק אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן געהאָלפן עוואַקואירן די געפאַנגענע. באָמבעס זענען געפאַלן אויף די קאָנצענטראַציעס פון די אויסשפּירלער און געטראָפן אין זיי. אין געשעפטן, אין הייזער, וועמענס טירן עס זענען אויפגעריסן געוואָרן דורך באָמבעס, אָדער אויפגעריסן געוואָרן דורך די זעלנער, האָבן די פאַרוווּנדעטע באַקומען די ערשטע ממשותדיקע הילף. אייניקע בירגער, וואָס זענען ארויס פון די מקלטים ביים הערן די שטימען פון די פאַרוווּנדעטע, האָבן אויך זיך געמאָלדן צו דער אַרבעט פון עוואַקואירן די פאַרוווּנדעטע. די באַטאַליאָנען 6 און 7 האָבן זיך שוין געפונען הינטער די צוימען. דער באַטאַליאָן נומער 8 וואָס האָט אין די ערשטע שלאַכטן געענדערט דעם געבוי פון זיין באַשטאַנד, וועלכער איז שיטער געוואָרן, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין אָנגריף — האָט זיך א לאָז געטאָן פאָראויס.

# דאס וואסער האט געשטראמט א גאנצע נאכט

דער מאַנאַטאַנער קלאַנג פון וואסער, וואָס האָט געדונען פון צוויי גרויסע רעזערוואַרן אויפן דאַך פון ירושלימער הויז, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָמאַנדאָ־שטעלע, האָט באַגלייט די גאַנצע נאַכט די דונערן פון די אויפרייסן אַרום און אַרום. דאָס וואַסער האָט זיך געריסן פון לעכער אין דעם אַלומיניום, וואָס זענען אַנטשטאַנען פון די שפּליטערן פון די מינענוואַרפער־קוילן. דינע ריטשקעלעך האָבן פאַרגאָסן די מערבדיקע זייט פון דאַך.

אונטן, אויפן צווייטן שטאָק, האָבן די אויפגעריסענע פענצטער פון א בית הכנסת אַנטבלויזט דעם ארון קודש אויף דער מזרח־וואַנט פאַר דעם קאַלטן ווינט, וואָס האָט שפּאַצירט אין די קאָרי־דאָרן. אין קעלער האָבן זיך די איינוווינער פון הויז, עלטערע מענטשן און קינדער, אַרומגענומען אין דער פינצטערניש און גע־מורמלט א תפילה. אויפן פּעך־שיכט פון דאַך, אויף וועלכן עס האָבן זיך קוים געזען די שפּורן פון קאַלכן, זענען געשטאַנען „מר־טה", זיין געהילף און די איבעריקע שטאַב־אָפיצירן, און א טייל פון זייער אויבערשטן קערפּער איז געווען אַנטבלויזט איבער דעם בעטאָן־אַנלען.

זיי האָבן געקוקט אויף דער שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען זיי צופוסנס. א ריזיקער פּראָזשעקטאָר, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן לויט א באַפעל ביים אָנהויב פון אָנגריף, האָט פאַרוואַנדלט מיט זיין ליכט־סנאָפּ די ברענענדיקע אַרענע אין א מין טעאַטער־בינע. די האַרמאַטן־קוילן זענען געפאַלן אויף דער גאַס צופוסנס דעם בנין, געקלאַפּט אויף די ווענט און פאַרוואַנדלט דעם שטאַב אין אַ צענטער פון דער באָמבאַרדירונג. די קוילן־שפּליטערן זענען אָפּגעשפּרונגען פון די ווענט אָדער צעשמעטערט די שויבן פון די פענצ־טער, און אַלץ, וואָס זיי האָבן געטראָפן אויף זייער וועג. אַנדערע זענען פאַרבייגעפלויגן מיט אַ פייף איבער דעם הויז, געפאַלן אין די הייפן, אין די הייזער, געאַקערט די גערטנער, אַקוראַט, ווי דאָס וואָלט געווען זייער באַשטימונג. א האַרמאַטן־קויל האָט פּלוצלינג געטראָפן דעם בעטאָן־גאַרטל, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם דאַך. גרויסע שטיין־בלאָקן זענען געפלויגן אַרום און אַרום. א פאַרבינד־

לער, וואָס האָט באַקומען אַ שאָק איז געשליידערט געוואָרן אויף די קערפּערס פון זיינע חברים. די האַרמאַטן־קויל האָט אַוועקגע־שלעפּט אַ טייל פון דעם פאַרבינדונגס־מכשיר, וואָס ער האָט גע־טראָגן און ווייטער אַוועקגעפלויגן אין דער לופטן. „איז עמעצער געטראָפן געוואָרן?" — דאָס ערשטע מאָל האָט די שטים פון „מו־טה" געקלונגען אויפגערעגט אין יענער נאַכט.

נאָכדעם ווי עס זענען באַזייטיקט געוואָרן די צעשטערונגען, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויפן דאַך זענען נישט פאַראַן קיין פאַרוואונדעטע, האָבן די אָפיצירן ווייטער אָבסערווירט די פאַר־שטעלונג, פול מיט געפילדער, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר זיי־ערע אויגן. אַריק, דער אינפאָרמאַציע־אָפיציר, האָט באַרואיקט די זעלנער: „אַ קויל איז באַשטימט פאַר יעדן אָרט. מער וועלן זיי דאָ נישט פאַלן". „מוטה" האָט ווידער זיך גענומען צוהערן צו די פאַרבינדונגס־מכשירים, וואַרפנדיק פון צייט צו צייט זיין בליק אין דער פינצטערניש, וואָס דערוואַכט צום לעבן מיט פלאַ־מען און מיט די טראַסקן פון די לויכטנדיקע קוילן. די זאַלפן האָבן זיך געריסן מיט אַ פאַרביסנקייט פון פאַנאַטיקער, מיט אַן אומ־דערמידלעכער עקשנות אין אַלע ריכטונגען: מזרח, מערב, צפון און דרום. „איר דאַרפט הילף?", „וואָס הערט זיך?" — פלעגט „מוטה" פרעגן פון צייט צו צייט, באַמיענדיק זיך נישט אַריינצו־מישן זיך צופיל אין דער שלאַכט, כדי ער זאָל נישט שטערן די באַשעפטיקטע באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן. די שטימען פון די קאָמאַנ־דירן האָבן געקלונגען רואיק אין די ראַדיאָ־מכשירים. די ווערטער זענען געווען קורץ, אָפּגעהאַקט, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געפירט מיטן לעגיאָן אַ „טרוקענעם" דועל, אָן לעבעדיקער אַמוניציע און, אַקוראַט ווי זעלנער וואָלטן נישט געטראָפן געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן.

ציקלג, דער אָפיציר פון געהילפס־כוח פון דער בריגאַדע, האָט פונאַנדערגעטיילט זייער קאַלטבלוטיק זיינע „אייזערנע ראַציעס" לויט דער בקשה פון די קאָמאַנדירן, אַקוראַט ווי ער וואָלט געווען אַ הורטאָווניק, וואָס צעטיילט זיין סחורה צווישן די דעטאַליסטן. אַ „פּאָרציע" לינקס, אַ „פּאָרציע" רעכטס. אַזויפיל און אַזויפיל באַמבעס אויף אַן עקשנותדיקער פּאָזיציע — פיל הונדערטער באָמ־בעס, וואָס האָבן באַלויכטן די פינצטערע נאַכט, יעדעסמאָל ווען עס האָט זיך פאַרלאָשן דער פּראָזשעקטאָר. דער געהילף פון ברי־גאַדע־קאָמאַנדיר משה, וואָס איז פאַרשוואונדן אין דעם פינצטערן טרעפּנצימער, האָט זיך צוריקגעקערט און פון זיינע הענט האָט געטריפט בלוט. עס איז געווען קענטיק אויפן אַלטן קאָמאַנדיר, אַז

אויך אין אים האָט זיך עטוואָס א ריר געטאָן ביים אָנבליק פון צענדליקער בחורים, וואָס זענען געלעגן אין די שטיבער מיט צע־ריסענע קערפּער־טיילן.

ווען דער פּרימאָרגן האָט גענומען אויפשטייגן אין מזרח, האָט עוזי געמאָלדן, אַז ער האָט דורכגעריסן די צוימען, יוסי האָט גע־האלטן ביים פאַרענדיקן דעם דורכברוך. זיינע זעלנער האָבן געפירט די ערשטע שלאכט פאַר פאַרפעסטיקן זיך אין די גראָבנס, וואָס רינגלען ארום די פּאָליציי. אין די אונטערשטע שטאָקן פון דער ירדנישער פעסטונג, האָבן צנחנים געשאָסן אויף לעגיאָנערן און די קעגנער האָבן געקוקט איינע די אַנדערע אין די שוואַרצאַפּלען.

# „אין דער אנדערער שטאָט"

דער זייגער איז געווען פינף באגינען און אפשר פיר און אפשר זעקס, קיינעם איז נישט איינגעפאלן א קוק צו טאָן אויף די ווייזערס. עס איז פארשווונדן די וויכטיקייט פון דער צייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע קאמפּס־פאזע אין דער שטאָט, א מלחמה אין טאָג־ליכט. די פאזע פון דורכברעכן האָט זיך פאַרענדיקט. דער פרימאָרגן איז פלוצים געקומען און אויפן באַרג־קייט איז מזרח האָט א בליאסקע געטאָן דער אָנקומענדיקער טאָג. ביז די צנחנים האָבן נישט דערזען די פארברענטע פּאָזיציעס זיי צופוסנס, די צעשטערטע הייזער, די צעריסענע צוימען, זייערע הרוגים, די פאַרווונדעטע, וועמענס בלוט עס פליסט אין קאלטן ירושלימער פרימאָרגן, האָבן זיי געגלויבט, אַז די נאכט וועט דויערן אייביק. א פּאָר שעה פאַר דעם, וואָלטן זיי געטאָן אלץ, כדי זוכה צו זיין צו א שעה פון ליכט. דער פרימאָרגן האָט פון איצט אָן און ווייטער איבערגעלאָזן זייער לעבן אין האנט פון גורל. די צנחנים האָבן פלוצים באמערקט, אז זיי שפּרייזן אויפן באָדן פון דער אנדערער שטאָט, אויף דער ערד, וואָס איז ביז היינט צו טאָג געווען אַ טייל פון ירדנישן קעניגרייך. אָבער די מידע קעמפער, וועמענס אויגן עס זענען געווען אנטצינדעט פון נישט שלאָפן און פון רויך, האָבן נישט געהאט קיין צייט צו מאַכן זייער חשבון הנפש. דער אריבערגאנג אויפן מזרח, אויף יענער זייט צוימען, איז געווען אַן אָנהויב פון קאמף אויף לעבן און טויט, ווייל די לעגיאָנערן, וואָס האָבן געפילט, אז זיי פאַרלירן דעם באָדן פון אונטער זייערע פיס, האָבן אין די שעהן געקעמפט מיט קרבנות־גרייטקייט, מיט פאַרביסענע ציין, מיט מוט און עקשנות.

זיי האָבן שוין נישט געקעמפט פאַר זייער ערד און נישט פאַר זייערע פּאָזיציעס, נאָר מיט זייער עקזיסטענץ־אינסטינקט, וואָס באַפוילט זיי זיך צו פאַרטיידיקן.

דאָס פייער האָט געפלייצט אין אלע ריכטונגען, אָן אונטערשייד. די רעשטלעך פון די לעגיאָן־זעלנער, וואָס זענען געווען פארפעסטיקט אין דער פאָדערשטער ליניע, האָבן זיך צוריקגעצויגן און פארנומען פּאָזיציעס אויף די דעכער פון די הייזער אין די

שכונות, הינטער די צוימען, אין די טירן פון די הייזער. איצט איז פאָרגעקומען א שלאַכט אין א פאַרבויטן שטח. פון שכונה צו שכו־נה, פון גאס צו גאַס, צווישן די געסלעך אין די הויפן. די צנחנים זענען פאָראויסגעגאנגען, אנטבלויזט אין דעם גרעסטן טייל פאלן פאר די „קאַראַבינען״, דעם פינקטלעכן אַמעריקאנער געווער, מיט וועלכן די ירדנער האָבן זיך אויף א מערדערישן אופן באנוצט, שפרינגענדיק אין גאנג פון שלאכט אויף צוריקוועגס אויפן אויפ־שטייג פון די בערגלעך. לויפנדיק לענגאויס די ווענט, וואָס האָבן דורכגעשניטן די גאַסן, וועלכע האָבן זיך געטובלט אין פייער, האָבן די צנחנים נישט געפילט קיין מורא. נאָך דער שרעקלעכער מיד־קייט פון בלוט־מארש אין דער קורצער נאַכט, נאָכדעם ווי דער טומל פון די מינענוואורפער האָבן געשמעטערט אין זייערע אויערן מיט א פאַרטויבנדיקן רעש, זענען זיי געלאָפן פאָראויס. אויך די קוילן, וואָס האָבן נישט געטראָפן, האָבן זיך מיט א גרילצנדיקן קלאַנג אָפגעשלאָגן אויף די ווענט, אָדער דורכגעפלויגן די גאַסן מיט א ווילדן פייף. און נאָך זיי זענען געקומען ווייטערדיקע זאלפן פון אמוניציע־מאגאזינען אָן א סוף. זיי האָבן נישט געוווסט קיין שרעק, אפשר דערפאַר, ווייל עס איז נישט געווען קיין איין מינוט פון שטילקייט אין אָט דעם גיהנום. דער גרעסטער טייל צנחנים איז נישט געווען רעליגיעז. זיי האָבן נישט געגלויבט, נישט געהאט די אמונה, אז זיי שטורעמען צו א הייליקן ציל. דאָס אלטע ירוש־לים האָבן זיי נישט געזען, די באַזילבערטע און באגילדעטע קו־פאָלן פון די הייליקע ערטער, זענען געווען איינגעהילט אין וואָל־קנס רויך. אָבער די גאַנצע חברה, וואָס האָט גאַלאָפירט אין פייער אריין, איז געווען געאייניקט אין זייער גלויבן אין לעבן, און דאָס איז געווען גענוג אויף זיי צו סטימולירן צו קעמפן. מיט א דביי־קות האָבן זיי זיך געריסן פאָראויס, געפאלן און זיך אויפגעהויבן און געשפרונגען פון די צוימען אין די גאסן אריין.

ווען עוזי, דער קאָמאנדיר פון 7־טן באטאליאָן האָט געמאָלדן אין ראדיאָ, אז ער האָט דורכגעריסן די צוימען, האָט אים „מוטה״ געזאָגט דורכן ראדיאָ: „עס קומט דיר א קוש. לויף פאָראויס״. דער קאָמאנדיר פון דער מידער בריגאדע, האָט נישט געהאט בדעה זיך צו קושן מיטן פארשוויצטן און פארויכערטן באַטאַליאָן־קאָמאנדיר. אָבער דאָס לאנגדויערנדיקע ווארטן אויף דער ידיעה „איך האָב דורכגעריסן״, האָט אים דורכגענומען מיט כוואַליעס פרייד.

א קאָמפאניע פון 7־טן באטאליאָן האָט זיך גענומען פארנעמען, לויט א פריערדיקער פלאנירונג, מיט שלאָגן די פאָדערשטע פאָזי־ציעס און דורכלייגן מיט דעם א וועג פאר די כוחות, וואָס האָבן

געשטראָמט פון הינטן. די רעאָרגאניזאציע פון דער קאָמפּאניע, נאָך דעם ערשטן פייער און טויט־קלאַפּ אין אָפּשניט פון דורכברוך, האָט זייער פאַרשווערט דעם דורכגאַנג דורכן שטעג, וואָס איז דורכגעלייגט געוואָרן ביינאַכט. אָפּטיילונגענווייז האָבן זיי זיך פאַר־נאַנדערגעוואָרפן לענגאויס די הייזער, ווו אלע עטאַזשן זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין שטעלונגען. די לעגיאָנערן האָבן געקוקט דורך די פענצטער און פון די בונקער־שפּאַלטן און זיך געווונ־דערט, זעענדיק די גרופּן קעמפער, וועלכע זענען אַדורך די צעריי־סענע צוימען. די הויכע רויטע שיך זענען אייניקע פון זיי געווען באַקאַנט פון די פריערדיקע שלאַכט־אַקציעס. די געפלעקטע אוני־פאָרמען און מאַסקירונגס־קליידער, האָבן פאַרגרעסערט זייער מורא. פאַר זייערע אויגן האָבן זיך באַוועגט קעמפער, צייטנווייז גרופּן, און צייטנווייז איינצלנע, וועלכע האָבן זיך אויף אַן אויגנבליק באַ־וויזן און דאַן פאַרשווונדן הינטער די ווענט, אָדער הינטער די קליינע בערגלעך לענגאויס דעם אַספאַלט כביש, וואָס פירט באַרג־אַרויף. ווען די לעגיאָנערן זענען עטוואָס געקומען צו זיך פון דעם ערשטן שאָק, האָבן זיי אויפגעהויבן די קאַראַבינען, אָנגעשטעלט די ציל־שייבלעך אויף דער הויך פון די קעפּ פון די צנחנים, וועלכע האָבן זיך געפּונען זיי צופוסנס, און אויסגעלייגט זיי טויטע איינע נאָך די אַנדערע. אָבער צו זייער גרויסער איבעראַשונג, האָבן די טונקעלע געשטאַלטן אונטן ווייטער מאַרשירט פאָרויס טראָץ דעם פייער. א צנחן — א באַזוקע־שיסער, האָט גענומען זיין געווער און געלאָפן אַנטקעגן א בונקער. די קוילן פון א קוילנוואַרפער פון טיפּ „ברען" האָבן אים געטראָפן, אָבער ליגנדיק נאָך אויפן זאַמד, און קאָרטשענדיק זיך אין זיינע גסיסה־יסורים, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו זיין פאַרויכערטן געווער. דאַן האָבן אים די קוילן געטראָפן א צווייט מאָל. דער טומל פון די קוילן פון די מינענוואַרפער, וואָס האָט געהערשט ביינאַכט, איז לאַנגזאַם אַנטשוויגן געוואָרן. פון צייט צו צייט פלעגט אויפרייסן אַזא קויל אויף דער גאַס, כדי צו דערמאָנען, אַז עס זענען נאָך געבליבן מי־נענוואַרפער אין דער שטאָט. איצט האָט זיך געענדערט דער ניואַנס פון די אויפרייס־קלאַנגען. לייכטע קוילנוואַרפער, שווערע קוילנ־וואַרפער, האַנט־גראַנאַטן און קוילן פון האַרמאַטן אָן צוריקשטויס האָבן געלאָזט הערן זייער קלאַנג. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך געהערט זייערע אָפּקלאַנגען אויף די גאַסן פון דער נייער ירדנישער שטאָט.

דער פּערזענלעכער שטאַפּעט פון באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר יעקב חי, איז געשיקט געוואָרן מיט א קוילנוואַרפער־גרופּע אָפּצורייניקן א שטעלונג, וואָס האָט געשטערט דעם פאָרמאַרש פון באַטאַליאָן־

שטאַב. די קעמפער, וואָס זענען געלאָפן נעבן אים, זענען געטראָפן געוואָרן. יעקב האָט זיי אָפּגעשטעלט אויף צוריק אין א שוץ־אָרט. דערנאָך האָט ער זיך א לאָז געטאָן איינער אליין פאָראויס, טראָץ דעם, וואָס א קויל פון א סנייפּער האָט אים פאַרוואונדעט אין פוס. אין א שלאַכט פון פנים־אל־פנים האָט ער ליקווידירט א סנייפּער־שטעלונג און ריין געמאכט דעם וועג פאַר דעם באַטאַליאָן.

אַן אַנדערע קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן 7 איז אויף איר וועג צו דער שכונה וואַדי ג'וז, געגאַנגען דורך אַן אָפענעם פעלד. אין א וואַדי, איבער וועלכן עס זענען געשטאַנען די הייזער פון דער שכו־נה, זענען געווען אויסגעשטעלט די מינענוואַרפער־באַטאַרייען פון לעגיאָן. דער גאַנצער שטח איז געווען איין אָפענער באַרג־שפּאַלט, אויף וועמענס זייטן עס האָבן אַרויסגעשטאַרצט די נידעריקע היי־זער פון דער שכונה. אויף א טייל פון דעם באַרג־שפּאַלט האָבן זיך געצויגן שטחים פון דערנער און ערד־בערגלעך, וואָס זענען געוואָרן פאַר דעם לעגיאָן די צווייטע ליניע. נעבן די שטעלונ־גען פון די מינענוואַרפער זענען נאָך געבליבן צוויי גרופּן לעגיאָ־נערן, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר זייערע באַטאַרייען, ביז זיי זע־נען אויסגעשאָסן געוואָרן. זייערע קערפּערס זענען נאָך וואַרעמע געלעגן נעבן די צעגליטע רערן, די רערן פון אייזן, וועלכע האָבן אין משך פון דער נאַכט אויסגעשפּיגן הונדערטער קוילן. נעבן אָט דעם אָרט האָבן די צנחנים אַנטדעקט צוויי אויסגעגראָבענע אין זייט פון באַרג היילן. לויפנדיק צו זייערע דערעפענונגען, איז פאַרוואונדעט געוואָרן א קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג אין האַלדז. דער סערזשאַנט פון דער אָפּטיילונג איז אַריבער איבער דעם קער־פּער פון זיין קאָמאַנדיר, פירנדיק נאָך זיך חיילים, וועלכע האָבן אָפּגערייניקט מיט גראַנאַטן די היילן. אויך דאָרט זענען געבליבן ליגן לעגיאָנערן ביי קופּעס פון דער אַמעריקאַנער אַמוניציע. דער טויטער קערפּער פון א ישראל־קעמפער, וואָס האָט געדעקט דאָס אַריבערפירן אויף צוריק דעם פאַרוואונדעטן קאָמאַנדיר, איז אויך געלעגן נעבן הייל.

אַנטקעגן דער ברענשטאָף־סטאַציע, וואָס האָט נאָך ביז נעכטן באַדינט די ירדנישע קונדן, איז פאָרגעקומען א שלאַכט צווישן די הייזער. די מעטאַל־סלופּעס פון דער סטאַציע זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שוץ פאַר די צנחנים, וועלכע האָבן געשטורעמט די הייזער. פון די פענצטער אין די הויכע שטאָקן פון דער געביידע איז געעפנט געוואָרן א פייער דירעקט אויף א גרופּע קעמפער, וואָס האָט זיך באַוועגט אויף דער גאַס. צוויי פון זיי, וואָס זענען אַריבערגעגאַנגען א גרוב, פרווונדיק צו דערגרייכן די טיר פון א

הויז, זענען געהרגעט געוואָרן אויפן ראַנד פון גראָבן. אַ ירדנישער אמוניציע־אויטאָ, אָנגעלאָדן מיט אויפרייס־שטאָף, איז דערשינען אויפן הויפט־כביש פון דער שכונה. דער שאָפער, אָנגעטאָן אין א גרויען אוניפאָרם, האָט געפירט דעם אויטאָ לענגאויס דער גאַס, אקוראט ווי דאָ וואָלט נישט געבושעוועט קיין שלאַכט. א קורצער זאלפּ, וואָס האָט געטראָפן דעם קאסטן פון אויטאָ, האָט אויפגעריסן דעם אויפרייס־שטאָף, און דער אויטאָ האָט זיך אויפגעהויבן הויך איבער דעם אַספאַלט־פּאַס. אַ וואָלקן רויך און ברוך־שטיקער פון פאַרויכערטן מעטאל, זענען געבליבן ווי א שטומער עדות.

דער שטאַרקער אויפרייס פון דעם אמוניציע־קאסטן, האָט אַ־רויסגעריסן שויבן פון זייערע ראמען. אויפן ראָג פון גאַס איז גע־לעגן א פארוווּנדעטער, וואָס האָט מיט פארגלייזטע אויגן געקוקט אויף די שפּליטערן, וואָס זענען געפאלן נעבן אים. קליינע גרופּן חיילים, באזוקע־שיסער, האָבן געפירט די קעמפער בארג־ארויף דעם כביש. נאָך זיי האָבן געקלעטערט די גרעסערע אָפּטיילונגען, וועלכע זענען געווען צעשפּליטערט אין גרופּן פון 2—3 אָדער 4 קעמפער. אויף די פלאכן אין מזרח־זייט פון דער שכונה, האָבן די לעגיאָנערן גענומען אנטלויפן. פיל פון זיי זענען געבליבן טויטע אויפן פעלד. דאָסמאָל זענען זיי געטראָפן געוואָרן פון די פענצטער אין די הייזער, וואָס זענען אָפּגעריינִיקט געוואָרן.

אויף א וועג־קרייצונג אין צענטער פון דער שטאָט, אַביסל אין זייט, האָט אַ גרופּע לעגיאָנערן פאַרנומען א פּאָזיציע צו פירן די לעצטע פאַרצווייפלטע שלאַכט. אָט די פּאָזיציע איז געווען דער ערשטער ציל פון דעם באַטאַליאָן נומער 7 אין יענעם פרימאָרגן. צוויי קוילן־וואַרפער זענען אַוועק אויףביידע זייטן וועגן און באַ־גאָסן דעם כביש מיט פייער. דריי צנחנים־אָפיצירן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פאָרויס, וואַרפנדיק האַנט־גראַנאַטן. דריי לעגיאָנערן זענען דערהרגעט געוואָרן ביי דער זייט פון וועג.

אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט די מערהייט פון אָט די קעמפער אַרויס אין די פרימאָרגן־שעהן פון זייערע היימען און זיך אַוועקגע־לאָזט צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער, אָבער אַלץ האָט אין דער שעה אויסגעזען זייער ווייט פון דעם. ווי אַזוי גייט מען דורך אָט דעם גהינום? ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פון אָט דעם קאָכע־דיקן תהום אין די קאַמפן? אָט דער געדאַנק, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פונעם גהינום, האָט זיי געהאַלטן געשפּאַנט אין זייער געלויף צום פייער. די נאָרמאַלע צייט האָט בכלל נישט עקזיסטירט אין זייער באַוווּסטזיין.

אין דער לינקער זייט פון דער נייער שטאָט איז פאָרגעקומען

די שלאַכט פאַר די באַוואָפנטע פּאָזיציעס אין דער פּאָליציי־שול. דאָ האָט דער דורכברוך געדויערט לענגער און איז געווען שווערער. די שטימע פון קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן 6 האָט זיך געהערט אין אַפּאַראַט ווי א שטים פון א מענטש, וואָס בעט א הוספה פאַר קאַר־טאָפל אין א צרכניה פון א מושב. די קוילן פון די טאַנקן האָבן דורכגעריסן לעכער אין די דיקע ווענט פון דעם פּאָליציי־בנין. דער טורעם פון דער געביידע איז געווען דורכגעלעכערט ווי א זיפּ. די וואַסער־רער אויף דער וואַנט איז צעריסן געוואָרן און דאָס וואַסער האָט פאַרכליאַפּעט די אַריינגאַנג־טיר, דורך וועלכער חיילים האָבן זיך אַריינגעריסן אין בנין. א פּאָזיציע פון א ירדנישער באַ־זוקאַ האָט זיך אַנטפּלעקט אין ווינקל פון דער געביידע. די באַזוקאַ איז צעריסן געוואָרן פונעם פייער פון די אַריינגעדרונגענע קעמ־פער. נעבן איר זענען געלעגן פינף דערהרגעטע לעגיאָנערן. זייערע רויטע קאָפּ־טיכער זענען נאָך מער רויט געווען פון בלוט. ביים אַריינגאַנג אין פּאָליציי־בנין זענען די ערשטע אָנגרייפנדיקע זעל־נער געווען געצווונגען אָנצוצינדן לעמפּלעך. אין דרויסן האָבן טאָקע באַלויכטן שריפות, אָבער אינעווייניק האָט געהערשט א פולשטענ־דיקע פינצטערניש. די צנחנים זענען דורכגעגאַנגען די פיל צימערן פונעם בנין, געוואָרפן ליכט־סנאָפּעס אין די ווינקלען, כדי פעסט־צושטעלן צי עס זענען געבליבן לעבעדיקע לעגיאָנערן. דער גרעס־טער טייל צימערן איז געווען ליידיק. די לעגיאָנערן איז געלונגען צו אַנטלויפן עטלעכע מינוט פריער.

אין דער צייט, ווען אַ צאָל קעמפער האָט זייער גרינטלעך קאָנ־טראָלירט די אונטערשטע שטאָקן פון פּאָליציי־בנין, האָבן לעגיאָ־נערן אַראָפּגעוואָרפן גראַנאַטן פון דאַך צום דורכגאַנגס־פּלאַץ. אונ־דזער אַן אַנדער אייניקייט האָט זיך דורכגעריסן צו דער צפון־מערב־דיקער זייט פון דער פאַרפעסטיקטער פּאָזיציע, צום טויער. פון א בנין, נאָענט צו דער פאַרצוימונג, איז געעפנט געוואָרן א פייער פון די פענצטער. א קעמפער איז אַריינגעדרונגען אין הויז פון הינטן. ער איז צוויי מאָל געטראָפן געוואָרן פון קוילן אין די הענט און אין די פיס. ער האָט זיך א קייקל געטאָן, זיך אויפגעהויבן און געפאַלן אויפן שטעכל־דראָט פון דער צוים. אין פענצטער איז אַריינגעשליידערט געוואָרן א גראַנאַט. עס איז אויך אָפּגערייניקט געוואָרן די נידעריקע וואַך־פּאָזיציע פון דער פאַרצוימונג. דער טויער איז דורכגעבראָכן געוואָרן. דער וועג צום צפון פון דער שכונה שייך־דזשעראַך איז געווען אָפן פאַר די כוחות, וועלכע האָבן ווייטער געשטראָמט פאָרויס.

דערווייל האָבן קעמפער ווייטער אָפּגערייניקט די געביידעס.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען נעבן די אַפּראָוויזאַציע־מאַגאַזינען, וועל־כע האָבן נאָך ביז נעכטן באַדינט די הילפס־אַגענץ פון אונאָ. פון די בנינים נעבן דעם פּאָליציי־בנין זענען אַרויס דריי ציווילע ביר־גער מיט די הענט אויפגעהויבן איבער די קעפּ. א גרופּע צנחנים, וואָס האָט דורכגענישטערט איינס פון די הייזער, האָט אַנטדעקט א פאַמיליע, וואָס איז געווען צוזאַמענגעקוועטשט אין אַן אַלמער. די מענטשן זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון אַלמער און אַריינ־געפירט געוואָרן אין א קעלער צוזאַמען מיט אַנדערע ציווילע אַראַ־בער, וואָס האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן, ביז עס האָבן אויפגעהערט די שיסערייען.

אָן דעם געהילפס־קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, אָן דעם אָפּעראַ־ציע־אָפיציר און די אינפאָרמאציע־סערזשאנטן, אָן דעם דאָקטאָר און סאַניטאַרן און אין דער צייט, ווען אין זיינע רייען האָבן געפעלט פערציק קעמפער, האָט דער באַטאַליאָן נומער 8 גענומען דורכגיין דעם דורכברוך־אָרט, וואָס ס'האָט געעפנט דער באטאליאָן נומער 7. אין וואָלקנס שטויב און רויך פון די אויפרייסן און פון די זאַלפן, האָבן זיך די קאָמפּאַניעס באַוועגט אין דער ריכטונג פון דער גאַס צאַלאַך אַ־דין, אויפן וועג צום ראָקפעלער־מוזיי.

איין קאָמפּאַניע איז דורך די ערשטע די צוימונג. אירע זעלנער האָבן אָנגעהויבן צו קעמפן אין פולן טאָג־ליכט. די טאַנקן האָבן זיך געקייקלט פאָרויס פאַר די זעלנער, וואָס זענען לכתחילה געווען פונאַנדערגעוואָרפן איבערן כביש. די קוילן פון די האַרמאַטן האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין די ווענט פון די פאַדערשטע הייזער אין דער שכונה. אין אָנהויב פון דער שלאַכט איז עס נאָך געווען א באַ־טאליאָן, אָבער מיט די ערשטע שאָסן, וואָס האָבן געטראָפן די קעמ־פער, האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה פון די איינצלנע. אויף די היי־זער, אין די קלויסטערס, אין די קירכן, אין די הייזער פון די קאָנ־סולאָטן און הייזער פון ציווילע בירגער, וואָס זענען ביינאַכט אַנט־לאָפן פון זייערע דירות און איבערגעלאָזן די טירן ברייט געעפנט פאַר די זעלנער פון לעגיאָן, וועלכע האָבן זיך דאָרט פאַרפעסטיקט. די טאַנקן האָבן געשאָסן נישט איבערקלייבנדיק. די פאַרבינדונג מיט זיי איז איבערגעריסן געוואָרן. זייערע קאָמאַנדירן זענען גע־זעסן אַנטבלויזטע אויף די טורעמס און געצילט זייערע האַרמאַטן, לויט די געשרייען פון די צנחנים, וועלכע זענען געלאָפן נעבן זיי. די אַרטילעריסטן האָבן געדרייט די טורעמס אין דער ריכטונג פון די פייער־פונקטן, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן פון פאָרנט און פאַרצוימט די דורכגענג צו די גאַסן. אן אַראַבער מיט א קאָפּ־טוך איז געלאָפן, אויסמיידנדיק די קוילן, וואָס זענען געשאָסן געוואָרן



ראָקפעלער־מוזעאום אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג. פאַראַשוטיסטן זענען געזעסן אין טורעם בעת דער באַשיסונג.

די ערשטע פאַראַשוטיסטן האָבן אַריינגעשריבן זייערע נעמען אין גאַסט־בוך פון מוזעאום.

| | | |
|---|---|---|
| June 2 | [illegible] | Amman - [illegible] |
| June 3 | Charles J. McKenna | Chicago, Illinois USA |
| June 3 | [illegible] | Zarka - Jordan |
| June 3, 1967 | Mr + Mrs [illegible] | [illegible] California 90717 |
| June 3, 1967 | Eleanor K. Judge | Washington, D.C. |
| Junio 4 | [illegible] Tauro y Cossio | Peru - Lima |
| Junio 4 | [illegible] Paredes | Lima - Peru |
| 6.6.67 | [illegible] Abraham | [illegible] Israel |
| 6.6.1967 | ישראל | [illegible] |
| 6.6.1967 | ישראל [illegible] | [illegible] |
| 6.6.1967 | [illegible] | [illegible] |
| 6.6.1967 | [illegible] | [illegible] ישראל |
| 6.6.1967 | [illegible] | [illegible] |
| [illegible] | [illegible] | [illegible] |
| [illegible] | [illegible] | [illegible] |
| 6 | [illegible] | [illegible] |
| 6 | [illegible] | [illegible] |
| 6 | [illegible] | [illegible] |
| 6 | [illegible] | [illegible] |



„מוטה", קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע, שמועסט מיט אַן אָפיציר פון לעגיאָן אין ראַנג פון מאַיאָר,
אויף די טרעפ פון מוזעאום.

אַ פאָן פון דעם לעגיאָן אין די הענט פון די פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן איינגענומען דעם מוזעאום. אין הינטערגרונט — גלעזערנע שאַפקעס אין וועלכע עס געפינען זיך עקספּאָנאַטן.





פאַראַשוטיסטן בעתן אַנגריף. טראָץ דעם שטאַרקן פייער האָבן זיך די פאַראַשוטיסטן געריסן פאָרויס.

געפאַנגענע פון דעם לעגיאָן ווערן שטרענג קאָנטראָלירט דורך די פּאַראַשוטיסטן.

מידע קעמפער רוען זיך אָפּ אין הויף פונעם מוזעאום, באַלד נאָך זיין דעראָבערונג.



בעתן דורכברוך צו דער אַלט־שטאָט איז די טאַנקעטקע פון דער קאָמאַנדשאַפט פאַרבייגעפאָרן נעבן דערהרגעטע פאַראַשוטיסטן, וואָס זענען פאַרבליבן ביי פאַרברענטע טאַנקן. אויפן בילד אַ פאַראַשוטיסט באַוויינט זיינע חברים.



קאָמאַנדאָ-טאַנקעטקע פון „מוטה" אויפן „הר הזיתים".



אַן אויסשפּיר־דזשיפּ אויפן וועג צו דער אַלט־שטאָט.



מוסולמענישער קוואַרטאַל ברענט. אַ פּאַראַשוטיסט זוכט אַ פּאָזיציע ערב דעם דורכברוך אין שטאָט.

וויצע־רמטכ״ל אלוף חיים בר־לב, קאָמאַנדיר פון פיקוד המרכז אלוף ע. נרקיס, קאָמאַנדיר פון דער פאַראַשוטיסטן־בריגאַדע מ. גור און דער מחבר פון דאָזיקן בוך אלי לנדאו, אויפן הר הבית אַ קורצע צייט נאָך זיין באַפרייאונג.

קאָמאַנדיר פון 8־טן באַטאַליאָן יוסי פ. (רעכטס), זיין פאַרטרעטער גדליהו (לינקס), און קצ׳ה אין צענטער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס וויצע־קאָמאַנדיר פון דעם באַטאַליאָן, נאָכדעם ווי גדליה איז פאַרוואונדעט געוואָרן.



„מוטה" גור.



זיין פאַרטרעטער משה ס.
לעבן אים — אינפאָרמאַ־
ציע־אָפיציר, אַריק.

מאיר הר־ציון, דער לעגענדאַרער קעמפער (אויבן). ניר, אַ קעמפער וואָס האָט באַוויזן וווּנדער אין דער שלאַכט פאַר „גבעת התחמושת" (אונטן).

קאָמפּאַניע־קאָמאַנדיר גיורא אשכנזי ז"ל. ←



יוסי י. — קאָמאַנדיר פון 6־טן באַטאַליאָן.↓





דודיק, קאָמאַנדיר פון אַ
קאָמפּאַניע אין באַטאַליאָן
6, אויף „גבעת התחמושת".
←

→ עוזי ע. — קאָמאַנדיר פון 7־טן באַטאַליאָן.






סרן מרדכי פרידמאַן ז״ל.



→ דן, וויצע־קאָמאַנדיר פון 7־טן באַטאַליאָן.

פון ביידע זייטן. „גאָט, וואָס פאַראַ נס האָט געראַטעוועט אָט דעם ציוויליסט" — האָט א זאָג געטאָן א צנחן, וואָס ממש אין זיינע הענט איז אַריינגעפאַלן דער צעשראָקענער ציוויליסט. איצט האָט ער אים געמאַכט פאַר א וועג־ווייזער, אָנשטאָט די מאַפּעס, וועלכע האָבן געפעלט ביינאַכט, אין דער צייט ווען עס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן די אינסטרוקציעס.

א שפּיצן־אָפּטיילונג האָט זיך באַוועגט לענגאויס דעם כביש — אַ באַזוקאַ־שיסער און צוויי קוילנוואָרפער־שיסער. דער אַראַבער האָט געפירט. פלוצים אין דערעפנט געוואָרן אַ פייער פון אַ קורצן אָפּשטאַנד. א קעמפער, וואָס איז געלאָפן פאָרויס, איז גע־טראָפן געוואָרן און זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג פון טראָטואַר. א גראַנאַט האָט אויפגעריסן פון דער נאָענט און פאַרוואונדעט צוויי אַנדערע. דער וועג־ווייזער, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דער פאַסט־קע, האָט זיך געפרוווט ראַטעווען. ער איז דערשאָסן געוואָרן און געבליבן ליגן אויפן כביש מיט אויסגעשטרעקטע הענט. צוויי לע־גיאָנערן זענען פלוצים דערשינען פון הינטער דעם ווינקל פון הויז. איינער פון זיי האָט א צי געטאָן דעם זיכערהייטס־רינגל פון גראַ־נאַט. עס האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס. צוויי צנחנים האָבן זיך געקאָרטשעט אויף דער ערד. דאָס בלוט האָט זיך געגאָסן פון זייע־רע אָפענע וווּנדן און די לעגיאָנערן האָבן גענומען אַנטלויפן.

אַן אַנדער קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן 8 איז אַדורך די צוימען. די קאָלאָנעס זענען געקומען אויף אָפּצורייניקן דעם דרומדיקן טייל פון ירושלים, וואָס גרענעצט מיט דער מויער. צוויי אָפּטיילונגען האָבן זיך פונאַנדערגעוואָרפן הינטער די צוימען, גרייט צו אַ צוזאַמענשטויס פון ביידע זייטן כביש. א דריטע אָפּטיילונג האָט מאַרשירט פון הינטן קעגן א ווייסן מגרש, וווּ עס האָט זיך געפונען א פאַבריק אויף אויסצואַרבעטן בלאָקן. דאָרט האָבן די קעמפער באַקומען זייער ערשטע פייער־פּאַרציע אין דער שטאָט. אויך אָט די קאָמפּאַניע האָט אָנגעהויבן א קאַמף פון איינצלנע קעמפער־גרופּן און קעמפער־רינגען. די לעגיאָנערן האָבן פאַרנומען א פּאָ־זיציע נעבן א מעטשעט, אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און אין דער גאַנצער סביבה פון רח' שכם, וואָס פירט צום אַריינגאַנג אין דער אַלטשטאָט.

פאַקטיש האָבן די צנחנים נישט געדאַרפט גיין מיט אָט דעם וועג, אָבער די צייט, וואָס איז געווידמעט געוואָרן פאַר אינסטרוק־ציעס, איז געווען צו ווייניק אויף צו דערלערנען די טראַסע. זיי האָבן דערפילט זייער טעות נאָכדעם, ווי זיי זענען אַנטבלויזט גע־וואָרן פאַר דעם פייער און געדאַרפט קעמפן פאַר זייער לעבן. אין

גרעסטן טייל פון די הייזער אויף אָט דער גאַס האָבן די לעגיאָנערן געפונען א שוץ אין די אויבערשטע עטאַזשן, און פון דאָרטן גע־שאָסן אויף די צנחנים און זיי געטראָפן.

אַן אָפּטיילונג אונטער דער קאָמאַנדאָ פון סגן נחשון האָט זיך דורכגעלייגט א וועג אין דער ריכטונג פון א באַוואָפנטער פּאָזיציע נעבן מעטשעט. א צווייטער קאָמאַנדיר האָט זיך געדאַרפט באַוועגן און פאַרנעמען אָ שטח צופוסנס דער מויער, כדי שטיל צו מאַכן די סנייפּערס, וואָס זענען געשטאַנען ביי די פענצטערלעך. די חיי־לים האָבן געפּרוווט געפינען אַן עפענונג, א שפּאַלט, א דורכברוך, וואָס זאָל זיי פירן אַהין, אָבער דער וועג איז געווען פאַרצוימט דורך פייער, און מען האָט אים נישט געקענט דורכגיין. די חיילים האָבן זיך באַמיט דורכצוברעכן צווישן די הייזער און די הויפן. פון צייט צו צייט פלעגן זיי אַ שפרונג טאָן צו די טירן, אונטערלייגן אויפ־רייס־ציגל, אָנצינדן זייערע קנויטן און זיך צוריקציען. די טירן פון די הייזער האָבן זיך צעקרישלט איינע נאָך דער אַנדערער. די צנח־נים האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און אָפּגערייניקט די צי־מערן. די לעגיאָנערן, וואָס זענען געבליבן לעבן, פלעגן אַרויסגיין פון די הינטערשטע טירן אין דער ריכטונג צו אַנדערע הייזער. א קאָמאַנדיר האָט אַ וואָרף געטאָן א גראַנאַט אין הויז. ער האָט זיך איינגעבויגן, געוואַרט אויפן קלאַנג פון אויפרייס. א לעגיאָנער, וואָס איז געזעסן אין צימער, האָט באַמערקט דעם גראַנאַט, וואָס איז געשליידערט געוואָרן אים צופוסנס און האָט רעכטצייטיק אים אַ וואָרף געטאָן צוריק. דער אָפיציר איז געטראָפן געוואָרן. די שפּלי־טערן פון גראַנאַט האָבן צעשניטן זיין פוס, וואָס איז געבליבן הענגען אויף אירע מוסקול־בענדער. ער האָט נישט פאַרלוירן זיין באַוווסטזיין, באַפוילן די זעלנער אָפּצוריניקן די פּאָזיציע, איידער זיי וועלן אים באַנדאַזשירן. איין זעלנער האָט זיך איינגעבויגן אַרויפגענומען אים אויף זיינע פּלייצעס און אים געבראַכט, אונטער א פייער, צו דער זאַמלונג־סטאַציע פון די פאַרוווּנדעטע.

טאַנקן, וואָס האָבן געהאָלפן די צנחנים, האָבן געעפנט די טירן אויף זייער שטייגער. פון אַן אָפּשטאַנד פון 20 ביז 30 מעטער פלעגן זיי שיסן א קויל אין טיר, וואָס פלעגט צעשמעטערט ווערן אויף אינעווייניק, און אירע טיילן פלעגן פונאַנדערגעשליידערט ווערן אין הויז. אייזן־שפּליטערן פון איין טויער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט „אַריינצוגיין אינעווייניק" האָבן פאַרוווּנדעט עטלעכע קעמפער. דער וויצע־קאָמאַנדיר פון א קאמפּאַניע, מרדכי פרידמאַן, פאַר וועמען דאָס איז געווען די ערשטע שלאַכט־אָפּעראַציע, איז נאָכגעגאַנגען איינע פון די אָפּטיילונגען אויף רח' שכם. דאָרט האָט ער זיך אָנגע־

שטויסן אין א גרופּע, וועלכע האָט געפירט א קאַמף קעגן א שטעג־לונג, וואָס איז געווען פאַרבאַהאַלטן אין א געסעלע. די צנחנים האָבן נישט געקענט פאַרבייגיין דאָס געסעלע. דער סמל אליעזר רגב, וואָס האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער אָפּטיילונג פון גבי, וועלכער איז פריער פאַרוואונדעט געוואָרן אין פוס, האָט זיך אַריינגעריסן אין דער צווייטער זייט פון געסל. ער איז געטראָפן און דערהרגעט געוואָרן. א ווייטערדיקער זעלנער־רינג איז געשיקט געוואָרן אָפּצורייניקן די שטעלונגען. א סמל פון אַן אָפּטיילונג, אויך פון דער זעלבער גרופּע, האָט זיך א ריס געטאָן פאַרויס און איז אויך דערהרגעט געוואָרן. מרדכי פרידמאַן האָט זיך אַריינגעריסן אַן אַנטבלויזטער נאָך אים אין געסל. עטלעכע סעקונדן איז גע־שטאַנען דער איינזאַמער קעמפער און אויסגעליידיקט זיין אַמוני־ציע אויף דער שטעלונג. אין זיינע הענט האָט זיך געפונען א גראַ־נאַט אָן א פאַרזיכערונגס־רינג, וועלכן ער האָט זיך געקליבן אַריינ־צושליידערן אינעווייניק. ער איז געטראָפן געוואָרן פון א קויל און געפאַלן אויפן געזיכט. דער גראַנאַט האָט זיך אַרויסגעקייקלט פון זיינע הענט און האָט אויפגעריסן. ווען דער דרייסטער קאָמאַנ־דיר איז געפאַלן, האָבן די גלאָקן פון א קירך אָנגעהויבן צו קלינגען.

א קאָמאַנדיר פון א טאַנק איז אַרויסגערופן געוואָרן צו העלפן די צנחנים. דער טאַנק איז אַריין אין געסל, געטראָפן געוואָרן דורך א שאָס פון א גראַנאַטן־וואַרפער און האָט זיך עטוואָס צוריקגעצויגן. א צווייטער טאַנק איז אַריינגעפירט געוואָרן. דער פאַרבינדלער אויפן טאַנק איז געטראָפן געוואָרן. דער טאַנק האָט זיך עטוואָס צוריקגעצויגן, אָבער זיין קאָמאַנדיר האָט אים ווידער געפירט פאָ־רויס, טראָץ דעם פייער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קעגן דער פּאָ־זיציע פון לעגיאָן און זי צעשמעטערט. דריי זעלנער זענען געפירט געוואָרן אויף צוריק — געפאַלענע.

די קעמפער, וואָס האָבן ווייטער געפירט די שלאַכט, האָבן גענומען די ערשטע געפאַנגענע. אייניקע פון זיי זענען געווען לעגיאָן־זעלנער, וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן זייער געווער, אויס־געטאָן זייערע אוניפאָרמען און געשפּרייזט מיט אויפגעהויבענע הענט צו די צנחנים אויף דער גאַס. זיי האָבן אָנגעשטעלט פאַרוווּנ־דעטע בליקן אויף די קעמפער, וועלכע האָבן זיי נישט אָנגערירט. נישט ווייט זענען נאָך געלעגן די טויטע און פאַרוואונדעטע צנחנים. „אַן אויסטערלישע מלחמה״ — האָט א זאָג געטאָן א סערזשאַנט פון לעגיאָן, נאָכדעם ווי ער האָט פעסטגעשטעלט די אויסטערלישע לאַגע. די זעלבסטמאָרד־מלחמה האָט זיך פאַר אים פאַרענדיקט. ביים צוריקקערן זיך פון די הייזער צום כביש זענען ווידער גע־

טראָפּן געוואָרן קעמפער. א דרייסטער באַזוקאַ־שיסער האָט א שפּרונג געטאָן אין צענטער פון כביש, אָנגעצילט זיין געווער קעגן א פענצטער פון א הויז. ער האָט נאָך באַוויזן אויסצושיסן זיין ערשטע קויל, איידער ער איז געטראָפן געוואָרן און זיך א קייקל געטאָן אויפן כביש. אַנטקעגן אויפן פענצטער איז געבליבן ליגן א לעגיאָנער, וועמענס בלוט עס האָט גערונען אויף די ווענט.

דער באַזוקאַ־שיסער, דער צנחן, האָט געפּויזעט עטלעכע מעטער אונטערן פייער פון די קוילן, איבערלאָזנדיק בלוט־סימנים אויפן כביש. זיינע חברים האָבן אים אַרויסגענומען פון אונטער דעם פייער און אַוועקגעלייגט הינטער דער וואַנט.

נעבן שער שכם, איבער די שטעלונגען פון לעגיאָן, האָט זיך געפונען אין דער הויך אַ קלויסטער. זיינע פענצטער האָבן באַ־הערשט דעם קנופּ פון די כבישים, וואָס פירן צו דער אַלטשטאָט און פון איר. דריי קעמפער האָבן זיך צוגעריסן צום טויער פון קלויסטער. אויף די אויבערשטע שטאָקן פון הינטער די טרעפּן־פּאַרענטשן און פון די צימערן האָבן זעלנער פון לעגיאָן געקוקט אויף די צנחנים זיי צופוסנס. די איבעראַשונג פוןביידע פיינטלעכע גרופּן איז געווען אַ פולשטענדיקע און דערפאַר איז נישט אָפּגע־געבן געוואָרן אפילו קיין איין שאָס. א נזיר, איינגעהילט אין שוואַר־צע בגדים, איז אַרויס צו די צנחנים און געבעטן נישט באַשיסן דעם בנין. דער קאָמאַנדיר פון דעם צנחנים־רינג האָט אים געשיקט אין דער הויך אַלס פאַרמיטלער פאַר דער קאַפּיטולאַציע פון די לעגיאָנערן. די לעצטע האָבן מסכים געווען זיך אונטערצוגעבן, אָבער בתנאי, אַז די צנחנים זאָלן וואַרטן אויף זיי אויף דעם אונ־טערשטן שטאָק. צען מינוט האָט געדויערט דער משא־ומתן. דאַן האָבן די צנחים גענומען קלעטערן אויף די שטיגן. ווען זיי זענען אַרויף אויבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בעת די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך די לעגיאָנערן אָפּגעטראָגן דורכן הינטערשטן אַריינגאַנג. אין קלויסטער זענען געפונען געוואָרן 80 ציווילע בירגער. זיי זענען צונויפגעפּירט געוואָרן אין גרויסן זאַל, געבראַכט געוואָרן אין קעלער און פאַרשלאָסן געוואָרן ביז די שלאַכט האָט זיך פאַר־ענדיקט.

אין דער צייט, וואָס די חיילים האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען שטע־לונגען אין די פענצטער פון קלויסטער, האָט זיך באַוויזן א גרופּע פון אַכט לעגיאָנערן, וועלכע איז געגאַנגען לענגאויס דעם כביש, וואָס די צנחנים האָבן אָקאָרשט אָפּגערייניקט. די לעגיאָנערן האָבן, קענטיק, געהאַט בדעה צו דערגרייכן דעם פאַרמאַכטן טויער פון קלויסטער. פון די ערשטע סאַלוועס זענען דערהרגעט געוואָרן דריי

לעגיאָנערן און די איבעריקע זענען אַנטרונען געוואָרן אין הויף. איינער פון זיי, אַ דרייסטערער פון זיינע חברים, האָט געפּרוווט קעמפן. ער איז פאַרוווּנדעט און דערהרגעט געוואָרן. די איבעריקע זענען אַנטלאָפן איבער דער מויער. בלויז ווען עס איז פינצטער געוואָרן, האָבן די צנחנים פאַרלאָזן דעם קלויסטער, איבערלאָזנדיק איין דערהרגעטן און עטלעכע פאַרוווּנדעטע.

אַן אַנדער אָפּטיילונג האָט געפירט אין משך פון טאָג א פייער־שלאַכט מיט די לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בנין פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע. די צנחנים האָבן זיך דאָ די גאַנצע צייט געפונען אונטערן פייער פון סנייפּערס. צום סוף האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין בנין און אים אָפּגערייניקט. א קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג האָט אַרונטערגעלאָזן זיינע מענטשן לענגאויס דער שטאָטישער ליניע, וואָס איז געווען פולשטענדיק באַדעקט מיטן פייער פון לעגיאָנערן, וועלכע זענען געזעסן אויף דער מויער. פון צווישן די פענצטערלעך און פון די שטיין־אויסשטאַרצונגען אויף דער מויער האָבן זיי מיט אכזריותדיקער פּינקטלעכקייט גע־שאָסן און געטראָפן די צנחנים איינעם נאָכן אַנדערן. די קעמפער, מיטן באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר בראש, זענען געלעגן צוגעדריקט צו די מצבות אויפן בית־הקברות. ווהין זיי זענען אַריינגעפאַלן, פּרו־ווּנדיק גלייכצייטיק אויסצוגעפינען די פיינטלעכע פּאָזיציעס און זיי איינצושטילן. קעמפער זענען געקראָכן אויפן בויך פון קבר צו קבר. „שטאַרבן אויף דעם בית הקברות איז א שרעקלעכער טויט" — האָט געטראַכט איינער פון די צנחנים, אין דער צייט, ווען א מצבה איבער אים איז פונדאָסניי געקריצט געוואָרן דורך די קוילן פון סנייפּער. איינער פון די צנחנים, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אויפן שפּיץ פון קברים־בערגל, איז דאָרט געלעגן ביז עס איז פינצטער געוואָרן, ווייל דאָס שטאַרקע פייער האָט נישט דערמעג־לעכט צוצוקומען צו אים. די צעיושעטע לעגיאָנערן האָבן אויף אים געשאָסן די גאַנצע צייט — זיי האָבן אים, קענטיק, געוואָלט דערהרגענען עטלעכע מאָל, אַ שראַפּנעל פון א מינען־וואַרפער, וואָס איז געשאָסן געוואָרן פון דער אַלטשטאָט פון באַטאַרייען, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן הינטער די הייזער פון מוסולמענישן קוואַרטאַל, איז געפאַלן נעבן איינעם פון די קעמפער. אַ שטיין איז אָפּגעשפּרונגען פון וואַנט, האָט אַ פלי געטאָן אין אַ שטיילן בויגן און איז געפאַלן אויף זיין קאָפּ. דער שטיין האָט געטראָפן זיין העלם און אים צעקוועטשט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ קאַרטאָן־שאַכטל. דער צנחן איז טויב געוואָרן, געזעסן אַ געפּלעפטער, נישט פאַרשטייענדיק וואָס עס קומט פאָר אַרום אים. די מלחמה, וואָס

איז פֿאַרגעקומען אַרום אים מיט א שרעקלעכן רעש, איז פֿאַר אים געווען א שטילע מלחמה.

די געהילפֿס־קאָמפּאַניע פֿון באַטאַליאָן 8 איז געווען די לעצטע אין דער קאָלאָנע, לויטן פּלאַן, ביים דורכגיין דורך דער דורכרייס־דערעפֿענונג. די דאָזיקע קאָמפּאַניע האָט שווער געליטן נאָך ביים אָנהויב פֿון אָנגריף, ווען די שראַפּנעלן זענען געפֿאַלן אין דער שכונה בית־ישראל. די באָמבעס האָבן געטראָפֿן פֿיל קעמפֿער, וועלכע האָבן געטראָגן אויף זיך טיילן פֿון שווערע קוילן־וואַרפֿער, אַמוניציע און פֿערזענלעכע אויסשטאַטונג. א קעמפֿער מיטן נאָמען עמית, וועלכער איז דורכגעגאַנגען מיט זיינע חברים די דערעפֿע־נונג, איז דערשינען אין ליכט פֿון טאָג פֿאַר זיינע חברים מיט פֿאַרברענטע בגדים. ביינאַכט איז געפֿאַלן אַ פֿאָספֿאָר־באָמבע אין זיין אָפּטיילונג און זיינע קליידער האָבן זיך אָנגעצונדן. ער האָט זיך געקייקלט אין זאַמד, פֿאַרלאָשן זיין „פּריוואַט" פֿייער און האָט ווייטער געקעמפֿט צוזאַמען מיט זיינע חברים.

די דאָזיקע צעשפּליטערטע קאָמפּאַניע איז אַרויס צום ראָקפֿע־לער־מוזיי. אירע קאָמאַנדירן האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז דער ענד־גילטיקער ציל אין דער ערשטער קאַמפּס־פֿאַזע פֿון באַטאַליאָן. די שווער־באַלאָדענע זעלנער זענען געשפּרונגען פֿון הויז צו הויז, ביז זיי זענען געקומען אויף אַן אָפּשטאַנד פֿון הונדערט מעטער פֿון דעם גרויסן מוזעאום־בנין. דאָס פֿייער פֿון לעגיאָן האָט זיי פֿאַר־צוימט דעם וועג. די לעגיאָנערן האָבן זיך באַפֿעסטיקט אין דעם פּרעכטיקן בנין. ווען די צנחנים זענען אַרויס פֿון זייער באַהעלטע־ניש, כּדי צו שטורעמען די טויערן, זענען פּלוצים דערשינען צוויי ירדנער, וועלכע זענען געלאָפֿן לענגאויס דעם כּביש. איינער פֿון זיי איז געווען באַוואָפֿנט מיט א לייכטן קוילן־וואַרפֿער און געטראָגן אַ קאָפּ־טוך. זיין חבר האָט געהאַלטן אַ ביקס. ביים לויפֿן האָבן זיי געעפֿנט א פֿייער און געטראָפֿן א קאָמאַנדיר פֿון אַן אָפּטיילונג. ער איז פֿאַרוווּנדעט געוואָרן אין היפֿט און געפֿאַלן אויף דער ערד. א צנחן, וואָס האָט געדעקט זיין קאָמאַנדיר, האָט געטראָפֿן איין לעגיאָנער. א צווייטער האָט זיך אויף אַ מינוט פֿאַרהאַלטן אינמיטן כּביש, אויסגעשאָסן א לאַנגן זאַלפּ און גענומען ווייטער לויפֿן ביז ער איז פֿאַרשוווּנדן.

די לעגיאָנערן האָבן ווייטער געשאָסן מיט אַלע מינים געווער, וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי האָבן געוואָרפֿן גראַנאַטן און באַשאָסן מיט א סנייפּער־פֿייער דעם סקווער נעבן אריינגאַנג אין מוזיי. אויך די צנחנים האָבן אָנגעהויבן שיסן פֿון אַ קורצן אָפּשטאַנד אויף די פֿייער־צענטערן, דער עיקר צום אָפּשניט צווישן טויער און אַן עק־

הויז נעבן מוזיי. עמית, אַ קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג, איז געלאָפן אַן אַנטבלויזטער דורך דעם סקווער ביז דעם טויער פון מוזעאום. דאָרט האָט שוין אויף אים געוואַרט דער קאָמאַנדיר פון דער קאָמפּאַניע סרן מיכאל. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ גרויסן בראַנזענעם טויער. לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן זיי, האָבן אַ וואָרף געטאָן צוויי גראַנאַטן. איינער פון די גראַנאַטן איז זיי געפאַלן צופוסנס און האָט נישט אויפגעריסן.

פון דער צווייטער זייט פון מוזעאום האָבן זיך אַריינגעריסן די מענטשן פון דער האַרמאַטן־איינהייט, וועלכע זענען אַרונטער פון זייערע אויטאָס און זיך אַריינגעריסן אינעווייניק. די חיילים זענען געקראָכן אויפן אייזערנעם טויער הינטער דער נידעריקער מויער, זענען אַדורך אַן אַלייע פון איילבירטן־ביימער — וואָס רינגלט אַרום דעם הויף פון מוזיי. אין וועלדל האָבן זיי אַנטדעקט ליידיקע שטעלונגען און געלעגערס, וואָס זענען נאָך געווען וואַרעם פון די קערפּערס פון די לעגיאָנערן, וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן.

דער קאַמף אין מוזעאום האָט זיך אָנגעהויבן — אין הויף און אין די צימערן, נעבן די פענצטער און אויף די שטעגן פון קולטורווירטן גאָרטן. זעלנער, וואָס זענען געווען איינער פון דעם אַנדערן אויף אַן אָפּשטאַנד פון געציילטע מעטער, זענען געשטאַנען און געשאָסן איינע אויף די אַנדערע, אָדער געוואָרפן גראַנאַטן. די לעגיאָנערן האָבן אין אַלגעמיין נישט געהאַט קיין מזל. די צימערן פון מוזעאום זענען פול געוואָרן מיט רויך. גלעזערנע קאַסטנס, וואָס האָבן אַנטהאַלטן אוצרות פון וויסנשאַפט און פון אוראַלטער קונסט, זענען צעשמעטערט געוואָרן איינע נאָך די אַנדערע. פאַרמעטן פון אַלטע מגילות און שטיינערנע סטאַטועס האָבן געקוקט ווי שטומע עדות אויף דער נייער היסטאָריע, וואָס אַנטשטייט אין די צימערן.

די קעמפער האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו באַקוקן די זעלטענע עקספּאָנאַטן. איין גרופּע איז ארויף אין דער הויך, כדי דורכצוזישטערן די אויבערשטע שטאָקן. א מוטיקער צנחן איז אַרויפגעקראָכן אויפן טורעם, אַרונטערגענומען די פאָן פון לעגיאָן און אויפגעהאָנגען די בלוי־ווייסע פאָן. אַן אַנדער גרופּע, וואָס איז אַרונטער אין די מאַגאַזינען, האָט אַנטדעקט עטלעכע לעגיאָן־זעלנער, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. די היטער פון מוזעאום האָבן איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדיר די שליסלען. אין אַריינגאַנגס־טויער איז געווען אָפן דאָס גאַסט־בוך און אין אים די נעמען פון די לעצטע באַזוכער, טוריסטן פון אַלע עקן וועלט, וואָס זענען געווען פאַרשריבן מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן. די קעמפער האָבן צוגעגעבן זייערע נעמען — מיט העברעאישע אותיות.

פון אַ ווינקל אויפן מויער, בלויז 20 מעטער ווייט פון מוזיי, ווו עס זענען געזעסן די לעגיאָנערן, האָבן סנייפּערס געעפנט אַ פייער. זיי האָבן געגעבן געצילט אין אונדזערע פּאַראַשוטיסטן, אַזוי, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט אַרויסרוקן דעם קאָפּ אַפילו אויף אַ רגע. דער איינהייט־קאָמאַנדיר האָט דערביבער באַפוילן די חיילים אָנצושיטן זעק מיט זאַמד. שפּעטער האָט מען די זעק אַרויפגעשלעפּט און מיט זיי פאַרלייגט די פענצטער, וואָס זענען אַרויס צו דער זייט פון מויער. די קוילן האָבן אָבער אויך דורכגעלעכערט די זאַמד־זעק. צוויי קעמפער, משה און יהודה, האָבן מיט סכנות נפשות געפּרוווט ליקווידירן די סנייפּערס אויפן מוזיי־טורעם, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ קליינעם מרחק פון זיי. אין דער ביבליאָטעק, אַקעגנאיבער דער מויער, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ מאַשין־געווער. די לעגיאָנערן האָבן מיט זייערע טעלעסקאָפּישע ביקסן געצילט און גע־טראָפן אין מאַשין־געווער. ווייזט אויס, אַז די בלוי־ווייסע פאָן האָט צעקאָכט זייערע בלוטן און זיי האָבן זייער גאַנצן געווער אָנגעווענדעט כלפי דעם מוזיי. זיי האָבן צעברעקלט די שטיין־ווענט, וואָס האָבן זיך געפונען קעגנאיבער דער מויער פון אַלט־שטאָט. די סנאַריאַדן זענען געפאַלן איינער נאָכן אַנדערן און די שטיין־שפּליטערס זענען צעפלויגן איבערן גאַנצן הויף און אין די באַסיינען. פון מאָל צו מאָל האָט דאָס וואַסער פון די באַסיינען באַשפּריצט די גרויסע שטיין־סקולפּטורן נעבן זיי.

די קעמפער וואָס זענען געלעגן אויפן בית הקברות זענען אויף דער פאַראָרדענונג פון קאָמאַנדיר, אַרויסגעקראָכן פון דאָרט, און זיך געלאָזט פאַרכאַפּן דעם קרייצוועג נעבן פּאָסט־בנין, וואָס אַקעגנ־איבער דעם טויער שכם. זיי זענען אָבער גלייך אַנטדעקט געוואָרן דורך די סנייפּערס און האָבן זיך געמוזט צוריקקערן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי באַמערקט אַן אָרט נעבן מויער, וואָס איז געווען איינגעהילט אין רויך. אונטער דער דעקונג פון רויך האָבן זיי, אין אַ מטורפן געיעג זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון האָטעל „ריוואלי”. די בחורים האָבן באַהערשט דאָס אָרט און זיך צוגע־גרייט אים צו פאַרטיידיקן.

אַרום 2 אַזייגער נ. מ. האָבן זיי פּלוצעם דערזען ווי אויטאָס פאָרן אויף אַראָפּ גאַס, אין דער ריכטונג פון דער אַלט־שטאָט צו די מויערן קעגנאיבער דעם שכם־טויער. צוערשט האָבן די פּאַראַשו־טיסטן געמיינט, אַז דאָס זענען אויטאָס פון שונא. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עמעצער וועט האָבן די דרייסטקייט צו פאָרן אָפּנערהייט איבער אָט דער גאַס. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען אויטאָבוסן און אַ טענדער, וואָס האָט

געפירט קעמפּער צו די אינעווייניקסטע שטאָט־קוואַרטאַלן, וואָס מען האָט נאָך געדאַרפט אָפּרייניקן. די אויטאָבוסן־שאָפערן האָבן נישט געוווסט דעם וועג און זיי זענען דעריבער געפאָרן דירעקט צו דער פייער־פּאָסטקע. דער סמל רון, וועלכער איז געזעסן אין אַריינגאַנג פון האָטעל, איז אונטער אַ האָגל פון קוילן אַרויסגעלאָפן אין גאַס און האָט פאַרהאַלטן דעם ערשטן אויטאָבוס. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אז די אויטאָבוס־שאָפערן האָבן געדאַרפט פאָרן צום ראָקפעלער־מוזיי, נאָר זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט און אַריינגעפאַלן אין אָט דעם זעלבסטמערדער־וועג. איין אויטאָבוס האָט זיך פאַר־האַלטן אייניקע מעטער פאַרן האָטעל־אַריינגאַנג, זייענדיק אין גאַנצן אָפּגעדעקט פון דער זייט פון די מויערן. דער צווייטער — האָט זיך פאַרהאַלטן אַ צוואָנציק מעטער פון ערשטן, אַזוי, אַז ירדנישע סניי־פּערס האָבן ממש געקאָנט אַריינשיסן אין זיינע פענצטער. הינטער זיי האָט זיך פאַרהאַלטן דער טענדער און נאָך אים א דריטער אויטאָבוס. די אָנגעקומענע צנחנים האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פון די אויטאָבוסן און גענומען לויפן צום האָטעל. זיי זענען געווען אַזוי צעמישט, אַז זיי האָבן לויפנדיק געשאָסן סיי צו די מויערן און סיי אויפן האָטעל. דער ערשטער אויטאָבוס איז גלייך געוואָרן אַ ציל פאַר די לעגיאָנערן. זיי האָבן גענומען שיסן אויף אים מיט יעדן געווער, וואָס זיי האָבן געהאַט אונטער דער האנט. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי חיילים און אָפיצירן זענען דאָרט געטראָפן געוואָרן פון ירדנישן פייער.

דעם פאַרוווּנדעטן באַטאַליאָן־אָפיציר סרן נתן, האָט מען גע־מוזט דורך אַ פענצטער אַרויסשלעפּן פון אויטאָבוס. ער איז גיך אַריבערגעפירט געוואָרן אין האָטעל. עס איז אויפגעקומען אַ פאַר־דאַכט, אַז אין אויטאָבוס איז פאַרבליבן נאָך איין פאַרוווּנדעטער. אַ קעמפער מיטן נאָמען חיים רוסק און דער סמל שלמה, זענען אונטער א האָגל פון קוילן ארויסגעלאָפן צום אויטאָבוס. דער קעמפער רוסק איז ביים צוריקלויפן פון אויטאָבוס צום האָטעל געטראָפן געוואָרן פון אַ ירדנישער קויל נעבן האָטעל. מען האָט אים אַריינגעשלעפט אינעווייניק, אָבער אין אַ שעה אַרום איז ער געשטאָרבן פון די וווּנדן.

די קאָמאַנדירן פון די איינהייטן האָבן דורך די פאַרבינדונגס־מכשירים געפאָדערט מען זאָל גלייך עוואַקואירן די פאַרוווּנדעטע. אין אַ פאָר מינוט אַרום האָט זיך אַ פּאַנצער־אויטאָ פאַרהאלטן א הונדערט מעטער ווייט פון האָטעל. דער שאָפער פון אויטאָ האָט נישט געהערט די געשרייען פון די פאראשוטיסטן אין האָטעל און ער איז אַוועקגעפאָרן צוריק. ערשט אין אָוונט איז מעגלעך געווען

צו עוואַקואירן די פאַרווונדעטע און דעם געהרגעטן יידישן העלד. ווען עס זענען ביינאַכט אָנגעקומען די לאַנג־דערוואַרטע אויטאָס און אין זיי זענען אַריינגעלייגט געוואָרן די פאַרווונדעטע, האָט דער שאָפער פון אַ דזשיפּ געלאָזט זיין מאָטאָר אין גאַנג, און דערביי האָבן זיך אָנגעצונדן די הינטערשטע רויטע לאָמפּן אין זיין אויטאָ. דאָס האָבן באַמערקט די אַראַבישע סנייפּערס. עטלעכע קוילן האָבן דורכגעלעכערט דעם פּלאַסטיק־פענצטער פון דזשיפּ און דערהרגעט דעם שאָפער, וואָס איז געזעסן ביים רודער. ביז מען האָט דעם דזשיפּ געקאָנט אַרויסשלעפּן פון אונטער דעם שווערן פייער איז דאָרט געלעגן אַ פאַרווונדעטער אָפיציר און געמוזט קוקן אויף דעם רויטן שנירל בלוט, וואָס האָט זיך געצויגן פון טויטן שאָפערס נאַקן.

# דאַס אַמוניציע־בערגל (גבעת התחמושת)

אַ באַלויכטונג־באָמבע, וואָס איז פון ערגעץ־ווו אַרויסגעשאָסן געוואָרן האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט און באַלויכטן דאָס שיטערע וועלדל אויפן אַמוניציע־בערגל. די געקרימטע ליניעס פון זייגע שוץ־קאַנאַלן, האָבן זיך געצייכנט אויפן פאָן פון דער פינצטערניש. די קאָמאַנדירן פון קאָמפּאַניעס און אָפּטיילונגען האָבן צוגעאײלט זייערע מידע חיילים, וואָס זענען געלעגן צפונדיק פון דער פּאָליציי־שול, אַרויסצוגיין צום אָרט פון וואַנען זיי וועלן דאַרפן אַטאַקירן דאָס בערגל. ברענענדיקע סקלאַדן און בענזין־טאַנקערס האָבן באַלויכטן די צעלעכערטע ווענט פון דער פּאָליציי־שול און דעם וועג צו יענעם אָרט. דער דאָזיקער וועג איז באַשאָסן געוואָרן פון אַלע ריכטונגען. ביז די פאַראַשוטיסטן זענען דערגאַנגען צום אָרט פון דער אַטאַקע, כדי אָפּצורייניקן דאָס בערגל פון די לעגיאָנערן, זענען שוין געווען צווישן זיי דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע.

נעבן פאַרצוימונגען, צווישן צוויי געביידעס, צפונדיק פון פּאָליציי־בנין, פון וואַנען די פאַראַשוטיסטן האָבן געדאַרפט אַטאַקירן די שוץ־קאַנאַלן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם פעלדזיקן בערגל, האָבן די כוחות זיך גרופּירט לויט זייערע קאָמפּס־אויפגאַבן. אין דער קורצער צייט, וואָס זיי האָבן געקנייט, וואַרטנדיק אויפן באַפעל צו שטורעמען דאָס בערגל, האָבן די חיילים געהאַט אַ מעגלעכקייט צו מאַכן אַ קורצן חשבון־הנפש. אַ סך פון זיי האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געזען בלוט, אַ דערהרגעטן, אַ פאַרוווּנדעטן חבר, וואָס האָט געקרעכצט אָדער געשריען אויפן קול: „אוי, איך בין פאַרוווּנדעט, ס'איז מיר שלעכט, נעמט מיך אַוועק פון דאַנען!" ס'זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט אַוועקטראָגן די פאַרוווּנדעטע אויף צוריק און אַזוי אַרום אפשר אַנטרינען פונעם גיהנום און קומען אין זיכערן אָרט. אָבער די הייזעריקע, כמעט צעאָרנדיקע באַפעלן פון די אָפיצירן האָבן זיי דערמוטיקט און געשטויסן ממשיך צו זיין און אויספירן די פאַראָרדענונגען. אין דער ערשטער פאַזע פון דורכרייסן זיך פאַראויס האָבן זיי אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס קאָן זיי געשען אויבן, אויפן בערגל, אָבער בעת דער קורצער צייט, וואָס זיי האָבן געוואַרט, האָבן זיי

געוואַלט הערן עפּעס אַ דערמוטיקנדיק וואָרט, אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע, אַ באַפעל: „אויפשטיין! גיי! טו! שיס!" אַ טייל פון זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן אַפילו איין מאָל אָפּצודריקן דעם שיס־צינגל און זייערע געווער־מאַגאַזינען זענען נאָך פול געווען מיט קוילן.

אויף דעם מיט שטיינער־באַדעקטן בערגל, וואָס פון זיין יידישער זייט, פון ירושלים, זעט ער אויס ווי ער וואָלט אַרויסגעשטאַרצט פון דער פּאָליצייאישער פאָרטיפיקאַציע, האָבן זיך פאַר די אויגן פון די פּאַראַשוטיסטן אַנטפּלעקט הייזער מיט געוועלבטע דעכער, און פיר־קאַנטיקע שוואַרצע בלינדאַזשן, וואָס האָבן זיך געפונען לענג־אויס דעם גאַנצן מערבדיקן זייט פון בערגל. די דאָזיקע בלינדאַזשן זענען געווען פאַראייניקט צווישן זיך מיט שמאָלע און געשלענגלטע טראַנשעען, אויסגעהאַקטע אין די פעלדזן און טיפער ווי די הויך פון א מענטש. פון אָרט, פון וואַנען מען האָט געזאָלט אַטאַקירן, האָט מען געקענט פעסטשטעלן די פייער־מקורות פון לעגיאָן, נאָר ווען זיי פלעגן ארויסלאָזן לאנגע סעריעס מיט פאָספאָריזירנדיקע קוילן איבער די קעפּ פון די קעמפער, אין דער ריכטונג פון די הייזער אין ירושלים. אין די ראַדיאָ־פאַרבינדונגס־מכשירים האָט מען געהערט אויסטערלישע, הייזעריקע סיגנאַלן און באַפעלן, וואָס זענען שנעל איבערגעגעבן געוואָרן פון אָנהויב קאָלאָנע ביז איר סוף. אויף דעם אַמוניציע־בערגל האָבן זיך געפונען יענעם פאַרטאָג אַן ערך 80 לעגיאָנערן און אפשר מער. אַ טייל האָבן זיך דאָרט געפונען נאָך פאַרן אָנהויב פון קאַמף און אַ טייל זענען אַהין אַנטלאָפן פון דעראָבערטן פּאָליציי־בנין.

דודיק איז געווען אַ דערפאַרענער איינהייטס־קאָמאַנדיר, אַ מיטלוווקסיקער בחור, וועלכער האָט זייער גוט געוווסט וואָס אים שטייט פאָר, ווען ער האָט ביינאכט געכאַפּט א בליק אויף די לופט־אויפנאַמעס פון אָרט. זיין פאַרטרעטער, ניר, אין ציווילן לעבן אַ לערער פון גימנאַסטיק, איז אויך געווען אַ מיטלוווקסיקער בחור מיט ברייטע פלייצעס און בלויע, שיינענדיקע אויגן אונטער א ברייטן שטערן. ער איז געווען א פּראָפעסיאָנעלער קעמפער, פאַר וועמען אפילו א טויטער לעגיאָנער איז נאָך אַלץ געווען אַ פיינט. דדי — א קאָמאַנדיר פון אַן אַנדער איינהייט, איז געווען יינגער פאַר זייביידן. פאַקטיש איז דאָס געווען פאַר אים דער ערשטער אמתער קאַמף. די איינהייט־קאָמאַנדירן, וואָס האָבן גע־דאַרפט אַטאַקירן דעם בערגל, זענען דאָס רוב געווען יונגע בחורים, וועלכע האָבן דעם ערשטן פייער־שאָק באקומען ערשט, ווען זיי האָבן זיך דורכגעריסן צווישן די פאַרצוימונגען. געווען צווישן זיי אַזעלכע פאַר וועמען דער ריח פון פולווער איז געווען אַ נאַטיר־

לעכע זאַך, פונקט ווי זיי וואָלטן שוין געווען לאַנגיאָריקע קעמפער. טראָץ זייער שטרעבונג צו לויפן און שטורעמען דאָס בערגל, האָט דער אחריות־געפיל פאַר זייערע מענטשן זיי אונטערגעזאָגט אריינ־צושפרינגען אין די פאָדערשטע טראַנשעען, צופוסנס דעם בערגל.

אין די קעגנאיבערדיקע בלינדאַזשן, וואָס מ׳האָט געקאָנט באַמערקן בלויז לויט זייערע געשלענגלטע ליניעס איטלעכן מאָל ווען די לעגיאָנערן האָבן געעפנט אַ פייער, האָט מען אויך געקאָנט באַמערקן שאָטנס פון זעלנער, אָנגעטאָן אין פלאַכע שטאָל־העלמען, ווי זיי לויפן אַריבער פון איין שוץ־גראָבן אין אַ צווייטן, כדי צו געפינען אַ בעסערע פּאָזיציע, אָדער בעת אין דער נאָענט פון זיי איז געפאַלן אַ האַרמאַטן־קויל.

דאָס אַמוניציע־בערגל איז געווען דער עיקר־ציל פון 6־טן באַטאַליאָן. דער פּאָליציי־בנין איז כמעט פולשטענדיק אָפּגערייניקט געוואָרן. אָבער טראָץ דעם האָט מען פון דאָרט געהערט פון צייט צו צייט אַ פייער־אויסברוך.

דער קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין צום קוואַרטאַל שייך־דזשעראַך, וואָס איז געווען דער ציל פון 6־טן באַטאַליאָן אין אָנהויב פון דער אַטאַקע.

קוילן פון מאַשין־געווער האָבן נאָכאַנאַנד דורכגעשניטן די לופט אין דער ריכטונג פון בערגל. אַ טייל פון זיי האָבן מיט אַ פייף אָפּגעשניטן צווייגן פון דיביימער, וועלכע זענען מיט אַ סקריפּ אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. דווקא האָט דער ערשטער זיך אַ ריס־געטון צו די טראַנשעען. אן איינהייט־קאָמאַנדיר מיטן נאָמען יואב איז מיטגעלאָפן מיט אים און נאָך זיי אַ גרופּע קעמפער. יואב האָט גלייך מיטגעטיילט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ טראַנשעע וואָס גייט אַוועק אויף לינקס. דדיס מענטשן האָבן זיך פאַרנומען צו דער טראַנשעע אויף רעכטס. די לעגיאָנערן זענען געלעגן אויף א מרחק פון 10—15 מעטער פון די אָנגרייפנדיקע קעמפער און געשאָסן מיט ווילדער פוריע. די קאָמאַנדירן האָבן פאַרשטאַנען אַז עס האָט נישט קיין זינען ממשיך צו זיין די אַטאַקע קעגן די טראַנשעען ביז עס וועלן נישט ליקווידירט ווערן די פאָדערשטע פּאָזיציעס, און דער־מעגלעכן דעם איבערגעבליבענעם כוח זיך אריינצורייסן אין זיי. אין צווישן זענען חיילים דערלאָפן צום ערשטן בנין און דאָרטן אַריינגעוואָרפן גראַנאַטן דורך די פענצטער. איין חייל איז געלאָפן דורכן שוץ־גראָבן, פלוצים האָט ער אַ קרעכץ געטאָן, זיך איינ־געבויגן און געפאַלן. אַנדערע חיילים זענען פאַרויסגעלאָפן, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך נעבן געפאַלענעם. „סלוצקי איז געפאַלן״ האָט איין קעמפער אַ זאָג געטון צו אַן אַנדערן, נישט אויפהערנדיק צו

לויפן. אויפן בערגל האָבן זיך געפונען שטיין־פּאַרקאַנעס, וואָס האָבן פּאַרשטעלט די טראַנשעען. הינטער זיי זענען געזעסן די לעגיאָנערן, און געשאָסן אויף די, וואָס זענען געשפּרונגען אין די טראַנשעען. פון דעם מאָמענט האָבן שוין נישט עקזיסטירט קיין קאָמפּאַניעס. די אָפּטיילונגען האָבן שוין נישט געהאַט קיין שום ווערט. חיילים זענען געלאָפן אונטערן ירדנישן פייער, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט פון באַרג־צוטריט. זיי זענען געקראָכן אַלץ העכער, קעגן די לעגיאָנערן, כדי זיי צו ליקווידירן, איידער זיי וועלן אַליין דערהרגעט ווערן. דאָס פייער איז געקומען פון פאָרנט און פון הינטן און אין דער פינצטערניש האָט מען נישט געקענט גענוי פעסטשטעלן ווער עס שיסט און פון וואַנען. די קעמפער האָבן אַרויסגעלאָזט קורצע סעריעס פון זייערע אויטאָמאַטן אין דער ריכטונג פון יעדן אָרט פון וואַנען עס איז געשאָסן געוואָרן און פאַרגעזעצט זייער וועג.

בעתן אָנהויבן די אַטאַקע האָט ניר געהערט פון דער ווייטן דעם געשריי פון זיין קאָמאַנדיר, דודיק, וועלכער האָט פאַראָרדנט יואבן זיך ארויסצורייסן פאָרויס. יואב האָט צוריקגעשריגן, אַז „עס איז פאַראַן אַ שטאַרקער ווידערשטאַנד” און ער האָט זיך גענומען צוריקציען. אין צווישן האָט גענומען טאָגן און מען האָט שוין געקענט קלאָר זען, אין דעם גרויען ליכט, די פאַרשוויצטע פנימער פון די חיילים, וועלכע זענען געשטאַנען צעטומלט און האָבן נישט געוווּסט וואָס ווייטער צו טון. יואב, וועלכער האָט געהאַט מיט זיך בלויז אַכט קעמפער, האָט מיט אַ האַנט געוויזן נירן די ריכטונג פון וואַנען עס איז געגאַנגען דאָס פייער. ווען ניר איז צו אים צוגעקומען האָט ער געזען ווי איניקע קעמפער זיצן אויף דער ערד אויף אַן אָפענעם שטח, נעבן אַ פאַרקוילטן בונקער. אויך דער קאָמאַנדיר פון דער איינהייט איז געשטאַנען נעבן זיינע זעלנער, אַנטבלויזט פאַר די פּאָזיציעס פון לעגיאָן. ער איז געשטאַנען און געקוקט דאָ רעכטס, דאָ לינקס, און נישט געקאָנט באַשליסן וווהין צו גיין.

„קיינער גייט נישט צוריק” — האָט ניר אויסגעשריגן צו די חיילים, און פאַראָרדנט דעם קאָמאַנדיר צו גיין פאָרויס. אַן ערך 50 מעטער איבער זיי, האָבן די לעגיאָנערן פון זייערע בונקערס באַדעקט מיט פייער דעם גאַנצן שטח. נאָר בנס זענען נישט דער־הרגט געוואָרן אַלע קעמפער, וואָס זענען געלעגן אויפן אָפּגעדעקטן שטח. ניר האָט גענומען מיט זיך 3 קעמפער און אריינגעשפּרונגען אין שוץ־גראָבן, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס בערגל פון לינקס. „עוזיסטן פאָרויס!” האָט ער אויסגעשריגן, אָנווייזנדיק אויף די

חיילים, וואָס האָבן געהאַלטן אויטאָמאַטן אין זייערע הענט און געגומען לויפן דורכן שוץ־גראָבן. איין קעמפּפער האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויפן ברעג פון שוץ־גראָבן און גענומען שיסן לאַנגע סעריעס אין הימל אריין. דער אייגהייט־קאָמאַנדיר האָט אים אַ קלאַפּ־געטון איבערן אויטאָמאַט. דער חייל איז געקומען צו זיך און אָנגעהויבן צו שיסן אין ציל. פון דער לינקער זייט פון בערגל האָבן לעגיאָ־נערן געשאָסן אין די שוץ־גראָבנס, כדי צו פאַרצוימען דעם וועג פאַר די פאַראַשוטיסטן. מען האָט די לעגיאָנערן שוין געקאָנט זען זייער קלאָר.

ניר האָט זיך געפּרוווט פאַרבינדן מיטן קאָמאַנדיר פון דער קאָמפּאַניע, דודיק, כדי מיט אים צו אידענטיפיצירן דאָס אָרט. דער האָגל פון קוילן וואָס האָט פון אויבן זיך געשאָטן אין די שוץ־גראָבנס האָט נישט דערמעגלעכט פאָרויסצוגיין. אפילו ווען ער וואָלט עס געוואָלט טון, איז עס נישט מעגלעך געווען צוליבן פייער־קאָרדאָן פון די לעגיאָנערן. הינטער אים זענען געשטאַנען אייניקע חיילים, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צו די באַוועגונגען פון זייער קאָמאַנדיר און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס איז אַרויס פון זיין מויל. ניר האָט אייניקע מינוט געשריגן אין פאַרבינדונגס־מכשיר און אין חלל פון שוץ־גראָבן הינטער אים דעם שיפער: „שפּיץ פון שפּיז, צו מיר!" אויף אַזאַ אופן האָט ער געהאָפט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך נאָך חיילים. „דודיק מוז זיכער קעמפן אויף דער צווייטער זייט פון בערגל און ער גויטיקט זיך אין מיר" — האָט ער אַ טראַכט געטון. דער ספק האָט אים שיער נישט משוגע געמאַכט.

אין דער זעלבער צייט האָט דדי געקעמפט פון דער רעכטער זייט בערגל. נעבן אַ ברענענדיקן אויטאָ, וואָס איז געשטאַנען הינ־טער אַ בנין, זענען חיילים דורכגעלאָפן צו די שוץ־גראָבנס אויף דער רעכטער זייט. די שריפה האָט באַלויכטן דעם שטח און די לעגיאָנערן האָבן פּאַניש באַשאָסן דעם דורכגאַנג צווישןביידע הייזער, כדי צו פאַרמיידן, אַז ווייטערדיקע ישראל־זעלנער זאָלן זיך אַריינבאַקומען אין דער פאָרטיפיקאַציע. אַ באַזוקאַ־שיסער האָט זיך אַוועקגעשטעלט צו נאָענט צו דער וואַנט פון בנין, אויפגעהויבן זיין געווער און אויסגעשאָסן. דער פלאַם פון שראַפּנעל האָט זיך צוריקגעקערט פון דער וואַנט און געטראָפן אין זיין פנים. ער איז געבליבן ליגן נעבן דער וואַנט האַלטנדיק די הענט אויף זיינע אָפּגעבריטע אויגן. נעבן אים איז געלעגן דער איינהייטס־קאָמאַנדיר אַ פאַרוווּנדעטער און האָט זיך געדרייט אין דרייען פון די ווייטיקן. ער איז געטראָפן געוואָרן בעת דער ברענענדיקער לאַסט־אויטאָ,

וואָס איז פול געוועזן מיט אַמוניציע האָט אויפגעריסן און די אויפ־רייסנדיקע קוילן זענען זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן.

בעתן אַריבערלויפן צו די שוץ־גראָבנס איז קיינער נישט גע־טראָפן געוואָרן. די חיילים זענען געלאָפן צווישן די קוילן איינגע־בויגענערהייט, די אויגן געווענדעט צום באָדן, וואָס איז געווען אויסגעבעבעט מיט סאָסנע־נאָדלען.

ווען איין אָפּטיילונג האָט זיך געוואָרפן אין אַן אַטאַקע אויף אַ ירדנישן בונקער ביי דער זייט פון וועג, האָט זיך אויף איר געעפנט אַ פייער פון צוויי אַנדערע ירדנישע פּאָזיציעס. 3 חיילים זענען דערהרגעט געוואָרן און זענען געלעגן זייט ביי זייט. אַ פאַר־וואונדעטער איז געלעגן נעבן זיינעם אַ דערהרגעטן חבר און מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן געגלאָצט אויף דעם טויטן קערפּער נעבן אים. די קעמפער וואָס זענען נישט געטראָפן געוואָרן האָבן ממשיך געווען זייער אַטאַקע קעגן די פּאָזיציעס. דער פאַרווונ־דעטער, וואָס איז געבליבן אַליין איז צוגעקראָכן צו דער וואַנט, פון וואַנען ער איז פריער געקומען און זיך אַוועקגעלייגט אין איר שאָטן. ווען דער קאָמאַנדיר פון דער אָפּטיילונג האָט זיך אַרומגעזען, אַז דער ווידערשטאַנד איז אַ צו עקשנותדיקער און אַז אַ סך פון זיינע קעמפער זענען געטראָפן געוואָרן, האָט ער געבעטן אַ צוגאָב פון „אייזן״ ביים באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר, יוסי, וועלכער האָט זיך אין דער צייט געפונען אויפן פלאַץ נעבן דער פּאָליציי־שול. גלייך נאָך דעם האָבן אָנגעהויבן אויפרייסן שראַפּנעלן פון מינע־וואַר־פערס אויפן בערגל. די באָמבאַרדירונג האָט אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע די אַטאַקע און געגעבן די פאַראַשוטיסטן אַ מעגלעכקייט אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם און פאַרנעמען בעסערע פּאָזיציעס אויף דער ערד און אין די טראַנשעען. אין מאָמענט ווען עס האָט אויפגעהערט די קורצע באָמבאַרדירונג איז דער אָפּטיילונג־קאָמאַנ־דיר ארויסגעלאָפן צו איינעם פון די בנינים, וואָס זענען געשטאַנען אויפן האַלבן וועג צום שפּיץ בערגל, נעבן דעם אַספאַלט־שאָסיי. ווען ער האָט שוין געהאַט דערלאָפן צו אַ קליינער וועראַנדע אין ווינקל פון בנין איז ער געטראָפן געוואָרן פון אַ באַזוקע־סנאַריאַד און צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. זיין בלוט און די ביינער האָבן באַשפּריצט די ווענט און זיין צעדריקטער שטאָל־העלם האָט זיך פּאַמעלעך געקייקלט באַרג אַראָפּ צו די שוץ־גראָבנס. אויך זיין געווער איז צעשמעטערט געוואָרן און די ברוך־שטיקער האָבן באַדעקט זיינע צעפּיצלטע קערפּער־טיילן. אַ פאַרבינדלער, וואָס האָט זיך געפונען נעבן קאָמאַנדיר בעת דער אַטאַקע, איז דורכן לופט־דרוק אָפּגעשטויסן געוואָרן אויף הינטן און ער איז אַריינ־

געפאַלן אין שוץ־גראָבן. ער האָט זיך אַ צעטומלטער אַרומגעקוקט און אַ קרעכץ געטון: „אוי, אויך ער איז שוין טויט". ווען ער האָט געווענדעט זיין בליק אויף לינקס, האָט ער דערזען, אַז ער ליגט נעבן אן אנדערן דערהרגעטן זעלנער, וועמען אַ קויל האָט געטראָפן אין מיטן שטערן.

דער לעגיאָנער, וואָס איז געשטאַנען איבערן בונקער און גע־שאָסן אין די אַטאַקירנדיקע חיילים, האָט אויף א רגע אָפּגעשטעלט דאָס פייער, ווענדיק טוישן דעם מאַגאַזין אין זיין ביקס. אַ פּאַראַ־שוטיסט האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, איז אָנגעלאָפן פון זייט און מיט א לאַנגער סעריע אים איבערגעשניטן אויף העלפט. דער לעגיאָנער איז אַראָפּגעפאַלן אַראָפּ־באַרג און זיין אָפּגעשניטענע האַנט האָט נאָך אַלץ געהאַלטן דעם קוילן־מאַגאַזין. אייניקע קעמפער, וואָס זענען צוגעלאָפן צום בנין, האָבן אַנטדעקט אַ גרופּע ירדנער, וואָס האָבן אָנגעהויבן לויפן פון א זייטיקן שוץ־גראָבן ארויף באַרג. די ירדנער און די ישראל־קעמפער זענען אין ערשטן מאָמענט איבער־ראַשט געוואָרן פון דעם אומדערוואַרטן צוזאַמענטרעף. ביידע גרופּעס זענען שטיין געבליבן איינע קעגנאיבער דער אַנדערער אויף א מרחק פון בלויז אייניקע טריט צווישן זיי. פון א זייט איז געעפנט געוואָרן א פייער אויף די ירדנער און האָט א סוף געמאַכט צו אָט דעם צוזאַמענטרעף. פינף ירדנער זענען איינער נאָכן אַנדערן אַראָפּ־געפאַלן אין שוץ־גראָבן, ווי מאַריאָנעטקעס אין א שפּיל־זאַל. נעבן זיי האָבן זיך געוואַלגערט צוויי פאַרבינדונגס־מכשירים, פון וועלכע מען האָט נאָך אַלץ געהערט באַפעלן אין אַראַביש.

די קאמפּאַניע אונטער דדיס אָנפירונג האָט ממשיך געווען איר אַטאַקע אין די טראַנשייען פון רעכטן פלאַנק. דודיק, וועלכער איז דערשינען פון הינטן, פון א זייטיקער טראַנשעע, איז דערגאַנגען צום צענטער פון דער פאַרפעסטיקונג. ער האָט דאָרט געפונען אייניקע פאַראַשוטיסטן, וועלכע זענען געשטאַנען ענג איינער נעבן אַנדערן. 4 חיילים זענען געלעגן נעבן זיי דערהרגעטע. איינער פון זיי איז געלעגן מיטן העלם אויפן קאָפּ, ווי ער וואָלט געווען לעבעדיק און האָט מיט זיין קערפּער פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג. זיין גרוי, קאַלט פנים איז געווען אַנגעשפּאַרט אין וואַנט. דאָס געווער פון די הרוגים איז געלעגן פונאַנדערגעוואָרפן נעבן זיי. די לופע פון א מאַשין־ביקס איז געווען צעבויגן אויף 90 גראַד. איר האָט געטראָפן אַ קויל, און נאָך דעם אַריין אין קעמפער, וואָס האָט דעם ביקס געהאַלטן. נעבן די הרוגים האָבן זיך געפונען 6 צעטומלטע קעמפער, וואָס האָבן נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך מיט זיי.

„לויפט פאַרויס! דאָ וועט איר דערהרגעט ווערן!״ — האָט דודיק צו זיי א געשריי געטאָן. די חיילים — וואָס האָבן זיך געפּו־נען אונטער אַ שאָק — זענען געקומען צו זיך און אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון שוץ־גראָבן.

דודיק האָט געפונען דדין נעבן דער קליינער וואַנט, רעכטס פון שאָסיי. ער האָט אים מיטגעטיילט, אַז ער דאַרף פאַרזעצן די אַטאַקע. די חיילים, וואָס האָבן זיך שוין באַרואיקט פון באַקומענעם שאָק, זענען מיטגעגאַנגען מיט זיי אַרויף, צו די בנינים אויפן שפּיץ בערגל.

יואב, וועלכער איז שטעקן־געבליבן אין דער טראַנשעע פון דער לינקער זייט באַרג, האָט צוגעגרייט זיינע מענטשן צו אַ באַ־נייטער פראָנטאַלער אַטאַקע אויף א בונקער, פון וואַנען די שיסערייי האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט. „וואָס גייסטו צוריק?״ — האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אויף אים א געשריי געטאָן ניר, בעת ער האָט געהאַט בדעה צונויפצוזאַמלען זיינע מענטשן, וואָס האָבן, צוליבן שרעקלעכן פייער, זיך פונאַנדערגעשפּרייט אין די טראַנ־שעען. דער דאָזיקער הויכער געשריי האָט ביי אים צוגערויבט די רו. „אויף צוריק?.. צוריק?..״ — האָט דער הייזעריקער געשריי אים געזשומעט אין זיין מידן מוח פון בלוט און הריגה „איך וועל איצט לויפן פאַרויס״ — האָט ער באַשלאָסן, נישט אַנטפּלעקנדיק זיינע מחשבות פאַר זיינע זעלנער. אָבער זיי האָבן עס גלייך דער־פילט. דער קאָמאַנדיר האָט זיי פאַראָרדנט אַרויסצוגיין פון די שוץ־גראָבנס און זיך גרופּירן צו אַן אַטאַקע. יואב איז אַרויס פון גראָבן און צוזאַמען מיט זיינע מענטשן זיך געלאָזט צום ירדנישן בונקער, אָבער פון דאָרט איז אויפסניי אָנגעהויבן געוואָרן א געדיכטע שי־סעריי. א קויל האָט אים געטראָפן. נאָך א קויל. זיין טויטער קערפּער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אין שוץ־גראָבן. אייניקע זעלנער האָבן זיך צוגעבויגן צום נאָך וואַרעמען קערפּער פון זייער קאָמאַנדיר און אין דער זעלבער רגע האָט א סעריע אַלעמען געטראָפן. ניר, וועלכער האָט געזען וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט אָנגעהויבן שרייען צו די מענטשן: „אַלע צוריק אין שוץ־גראָבן!״ אַ זעלנער איז צו אים צוגעלאָפן און געפרעגט: „וואָס איז מיר געשען?״ ניר האָט אויף אים א קוק געטאָן. אין זיין שענקל איז געווען א גרויסע לאָך און בלוט האָט זיך פון דאָרט געגאָסן לענגאויס זיינע הויזן. „עס איז גאָרנישט, ביסט אין אָרדענונג״ — האָט ניר געענטפערט און אַריינגעשטופּט זיין פויסט אין דער וווּנד, כדי צו פאַרהאַלטן דאָס בלוט. „וועסט קאָנען אַליין צולויפן צו דעם הילפס־פונקט פאַר פאַרוווּנדעטע?״ — האָט ער געפרעגט. דער זעלנער האָט א שאָקל

געטאָן מיטן קאָפּ און האָט זיך צוריקגעקערט אין שוץ־גראָבן, אי־בערלאָזנדיק נאָך זיך גרויסע בלוט־פּלעקן.

אַרום נירן האָבן זיך צונויפגעקליבן 9 חיילים, וועלכע זענען געקומען פון פאַרשיידענע ערטער. אייניקע האָט ער בכלל נישט געקענט. פון אויבן, איבער די שוץ־גראָבנס, האָבן זיך געהערט גראַנאַטן־אויפרייסן. ניר האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף ממשיך זיין אָפּצוריייניקן די טראַנשעען אין דער לינקער זייט. ער האָט מורא געהאַט, אַז די ירדנער, וועלכע זענען אינצווישן אַראָפּ פון בערגל און אַריין אין די טראַנשעען, וועלן אָנגרייפן די חיילים, וואָס גע־פינען זיך איבער זיי. עמעצער מוז אַרויף און לויפן דורכן אָפענעם שטח, כדי צו וואָרענען די פּאַראַשוטיסטן, וואָס געפינען זיך דאָרט. א חייל איז אַרויסגעקראָכן פון גראָבן און אָנגעהויבן לויפן אויפן אָפענעם שטח. אים איז געלונגען צו וואָרענען די פּאַראַשוטיסטן קעגן אַן איבעראַשונג. אויסטערלישע זאַכן פּאַסירן אין דער מלחמה. דווקא אָט דער מוטיקער זעלנער, וואָס איז געלאָפן א לענגערע צייט אויפן אָפענעם שטח, איז נישט פאַרוואונדעט געוואָרן. די חיילים מיט נירן בראש האָבן אָנגעהויבן פאַרויסגיין אין דער טראַנשעע. דריי קעמפער מיט אויטאָמאַטן אין די הענט האָבן מאַר־שירט פאָרויס אין די געשלענגלטע דורכגענג. נאָך זיי זענען גע־גאַנגען די וייטערדיקע 6 קעמפער. פּלוצים זענען פון א זייטיקן שוץ־גראָבן זיי אַנטקעגנגעקומען לעגיאָנערן, וואָס זענען אַרויס פון זייער בונקער. א טייל פון זיי האָבן געפּרוווט אַנטלויפן, א טייל האָבן זיך געלאָזט פאָרויס, צי אויס מוט, צי אויס פאַרלוירנקייט. נאָך עטלעכע לעגיאָנערן באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן זענען אַרויס פון זייער בונקער. אַלע זענען זיי געפאַלן פון די קוילן פון די צנחנים. די דריי חיילים, וואָס זענען געגאַנגען פאָרויס, האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן בונקער און אַהין אַריינגעוואָרפן א גראַנאַט. ווי נאָר עס פלעגט זיך דערהערן דער אויפרייס פלעגן זיי זיך אַריינרייסן אינעווייניק, אין רויך אַריין, און נעמען שיסן אין אַלע זייטן. די בונקערס זענען דאָס רוב געווען מיט דאָפּלטע ווענט. די האַנט־גראַנאַטן האָבן נאָר געטראָפן אין בעטאָן, אָנגעפילט די בונקערס מיט רויך, אָבער די שפּליטערס פלעגן נישט טרעפן די לעגיאָנערן. אין יעדן בונקער האָבן זיך געפונען פון 3 ביז 4 לע־גיאָנערן. געווען אַנדערע, וואָס פלעגן נאָכן אויפרייס פון האַנט־גראַנאַט אַרויסגיין קעגן די חיילים און שיסן נישט צילנדיק. אין אַנדערע בונקערס פלעגן לעגיאָנערן, פון טויט־שרעק, אָנהויבן שרייען מיט קולי־קולות און בעטן מען זאָל זיי לאָזן לעבן. געווען א בונקער, ווו א לעגיאָנער האָט זיך באַהאַלטן הינטער דעם קער־

פער פון זיין דערהרגעטן חבר און האָט געשריען ביז א סעריע פון אַן עוזי־אויטאָמאַט האָט אים איינגעשטילט.

די פאָדערשטע חיילים האָבן ממשיך געווען זייער לויף פאָרויס. פלוצים האָט דער ערשטער פון זיי אויסגעשריען: „אוי, איך בין געטראָפן געוואָרן" און געפאַלן. דער חייל, וואָס איז געלאָפן נאָך אים האָט ווייטער געפירט די קעמפער פאָרויס אויפן אָרט פון געפאַלענעם. אַזוינס האָט פאַסירט ווידער און ווידער. איינער פון די פאַרוואונדעטע האָט אויסגעשריען צו זיינע חברים: „וואָס טרעט איר אויף מיר? איך בין פאַרוואונדעט! דאָס טוט וויי!" די פאַראַ־שוטיסטן, וואָס האָבן געטראָטן אויף זייערע פאַרוואונדעטע חברים, נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, זענען איצט געוואָרן פאָרזיכ־טיקער און שווייגנדיק אַריבער איבער זיי. ניר האָט זיך איינגע־בויגן צו א פאַרוואונדעטן און געזאָגט: „עס איז בסדר, באַלד וועט קומען א סאַניטאַר און וועט דיך צונעמען".

דער מטורפער פרימאָרגנדיקער לויף אין די טויט־טראַנשעען האָט געדויערט אייניקע שעה. פון א בונקער איז אַרויס אַ לעגיאָ־נער וואקלענדיק זיך ווי שיכור און אָנגעהויבן שיסן אין וואַנט פון דער טראַנשעע. די בעטאָן־שפליטערס האָבן אַ שפריץ געטאָן אים אין פנים. עמעצער פון די קעמפער האָט אויסגעשאָסן אין אים און ער איז אַנידערגעפאַלן אויפן באָדן א פאַרוואונדעטער. אויך איבער אים האָט מען געטראָטן. ווען ער איז א ביסל געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעהויבן קריכן צו זיין געווער. ווען מען האָט עס אים נישט געלאָזט טאָן, האָט ער אָנגעכאַפּט איינעם פון די קעמ־פער ביי א פוס און אים געוואָלט אומוואַרפן. א קויל האָט אים איינגעשטילט אויף שטענדיק. אין טראַנשעע האָבן זיך געהערט געשרייען פון די צנחנים: „נאָך גראַנאַטן! נאָך מאַגאַזינען!" די אַמוניציע איז ביי זיי אויסגעגאַנגען זייער גיך. פון די הינטערשטע פאָזיציעס האָבן חיילים זיי איבערגעגעבן גראַנאַטן פון לעגיאָן, וועלכע זענען געלעגן אָנגעהויפט אין קאַסטנס. די מאַגאַזינען, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן די צנחנים, האָבן זיך כהרף עין אויס־געליידיקט. צייטנווייז האָבן זיך די צנחנים געמוזט אָפּשטעלן אין זייער לויף און אונטער דער דעקונג פון זייערע חברים פונדאָסניי געלאָדן זייער געווער און ווידער געלאָפן. אויסגעליידיקט דעם מאַ־גאַזין אויף די ירדנישע פאָזיציעס און ווידער זיך פאַרהאַלטן.

אויף איינער פון די פארבויגונגען איז בראש פון דער קאמפאניע געלאָפן א קעמפער מיטן נאָמען אברהם עדות. ביים ארייננגאנג אין א בונקער האָט ער זיך פאַרהאַלטן. פלוצים איז זיין קאָפּ אָפּגעשליי־דערט געוואָרן אויף הינטן. א לעגיאָנער, וואָס איז געשטאַנען אין

אַריינגאַנג צום בונקער, האָט אויסגעשאָסן אין אים. די קויל האָט געטראָפן אין נאָז און זיין פּנים איז באַדעקט געוואָרן מיט בלוט. ער האָט א געשריי געטאָן: „איך בין פאַרוואונדעט!" ער האָט זיך אויסגעדרייט און א פאַל געטאָן אויפן קעמפער, וואָס איז געגאַנגען נאָך אים. יענער, וועלכער האָט זיך צעטומלט פון פלוצלונגן פאַל אויף אים און נאָך דערזען פאַר זיך א פּנים פאַרגאָסן מיט בלוט, איז מיט זיין גאנצער שווערקייט אַרויפגעפאלן אויף נירן, וועלכער איז אויך אומגעפאַלן און זיך אויסגעצויגן אויף א דערהרגעטן ירדנער. „דאָ וועלן מיר שטאַרבן" — האָט א טראַכט געטאָן אברהם און האָט אָנגעלענט זיין פאַרוואונדעטן פּנים אין קעמפער, וואָס איז געלעגן אויף נירן. „ביסט נישט פאַרוואונדעט" — האָט ניר אויף אים א געשריי געטאָן, „שיס ווייטער, אַנדערש וועלן זיי דיך דערהרגע־נען". דער דאָזיקער שאַרפער געשריי האָט פאַרטריבן דעם שאָק פון זעלנער. ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעדרייט אויף צוריק און אָנגעהויבן שיסן. פון הינטן זענען אָנגעקומען ווייטער־דיקע קעמפער און אַריבערגעשפּרייזט די „פאַרשטאָפּונג". איין קעמפער האָט אַ וואָרף געטאָן א גראַנאַט און זיך געלאָזט שטורע־מען דעם לעגיאָנערן־בונקער. אַנדערע האָבן ממשיך געווען זייער לויף פאָרויס אין דער טראַנשעע.

אין דער זעלבער צייט האָט דודיק פאַרגעזעצט זיין קאַמף אין צענטער. דורך די שיטערע גראָבנס, וואָס האָבן געפירט צו די בונקערס, וועלכע האָבן געהערשט איבערן צענטער פון בערגל, איז ער אַרויף ביז די בנינים און צום בונקער פון דער קאָמאַנד־שאַפט, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן טיף אין דער ערד, אויפן שפּיץ בערגל. די חיילים האָבן געשטורעמט די בונקערס, אַריינ־געריסן זיך אין די רויך־אָנגעפּילטע אַריינגענג — און ליקווידירט די לעגיאָנערן איינעם נאָכן אַנדערן. איצט האָבן די לעגיאָנערן אָנגעהויבן צו לויפן אין פּאַניק איבערן בערגל, אָן אַן אָרדענונג און אָן אַן אָנפירונג, קעמפנדיק בלויז פאַר זייער נאַקעטן לעבן. דער וויצע־קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, דורון, איז דורכן באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר יוסי געשיקט געוואָרן אויפקלערן, וואָס עס געשעט אויפן בערגל, ווייל די איינהייט־קאָמאַנדירן האָבן אויף זיינע פראַגן דורכן פאַרבינדונגס־מכשיר, די גאַנצע צייט קורץ געענטפערט: „עס איז אַלץ בסדר, בלויז נאָך איין פּאָזיציע". אַזוי האָט זיך עס געצויגן לאַנגע שעהן. „מיר זענען שוין אויפן שפּיץ פון ציל" — האָבן זיי געענטפערט לויפנדיק פון איין בונקער צום אַנדערן. די דאָזיקע קאַלטע און רואיקע ענטפערס האָבן עפּעס נישט געפּאַסט צו דעם טומל און די אויפרייסן, וואָס זענען געגאַנגען פון שפּיץ אַמוניציע־בערגל. דעריבער איז דורון געשיקט געוואָרן אַהין.

דורון איז אַרויף אויפן בערגל דורך דער אָפּגעריייניקטער טראַנשעע. די חיילים, וואָס ער האָט דאָרט געטראָפן האָבן אָבער נישט געוווּסט צו ענטפערן ווו עס זענען זייערע קאָמאַנדירן. אַ טייל קאָמאַנדירן האָבן פאַרלוירן זייערע אָפּטיילונגען און א טייל האָבן געהיט די פאַרוווּנדעטע, וואָס האָבן געקרעכצט אין די טראַנ־שעען. דורון האָט דערהערט דעם גערויש פון פאַרנדיקע טאַנקן, וועלכע האָבן זיך פאַרויסגערוקט אויפן פּלאַץ נעבן דער פּאָליציי־שול. ער האָט געבעטן פון זיין קאָמאַנדיר א דערלויבעניש אַרויפ־צופירן די טאַנקן אויפן בערגל, כדי מיט זיי צו צעשמעטערן די יעניקע ירדנישע פּאָזיציעס, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן. 2 טאַנקן האָבן זיך אויסגעדרייט צום טויער פון דער פאָרטיפיקאַציע. דורון איז ארויף אויף איינעם פון זיי און צוגעפאָרן ביזן ערשטן בנין. דאָרט האָט ער געטראָפן דדין. דער הויכוווּקסיקער אָפיציר האָט זיך אויפגעשטעלט א ביסל אָן איינגעבויגענער. נעבן אים זענען גע־שטאַנען אייניקע חיילים. „דאָס איז מיין קאמפאניע״ — האָט דדי געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דער קליינער גרופּע, וואָס איז געזעסן פונאַנדערגעשפּרייט אין דער טראַנשעע. אַלע איבעריקע זענען געלעגן טויטע אָדער פאַרוווּנדעטע לענגאויס דעם גראָבן.

בעתן אָנהויבן די אַטאַקע איז דדיס קאמפאניע — פּונקט ווי אַלע אַנדערע קאמפאניעס — געווען גוט אָרגאַניזירט און אירע רייען פאַרמירט. זיי האָבן גוט געוווּסט דעם מהות פון דער פאַר־געבענער אַקציע, וואָס מען האָט געדאַרפט דורכפירן אין די טראַנ־שעען און אויף די אָפענע שטחים פון אַמוניציע־בערגל. זיי זענען געשולט געוואָרן, אין אַ סך מאַנעווורעס, ווי אַזוי צו דערגיין צו אומבאַקאַנטע בערגלעך, טרעפן אין האָלץ־פיגורן, וואָס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן איבער כלומרשטע פּאָזיציעס, צו לויפן גיך איינער נאָכן אַנדערן און באַפרייען זייער אָרט פאַר די קומענדיקע חיילים נאָך זיי יעדעס מאָל, ווען עס פלעגט זיך ביי זיי ענדיקן דער קליינער קוואַנטום אַמוניציע, וואָס איז זיי צוגעטיילט געוואָרן פאַר די איבונגען. זיי האָבן געהאַט צוטרוי צו זייערע מענטשן, צו זייערע חברים, צוריאל, יאיר, נפתלי, און צו זייערע קאָמאַנדירן עמי און ניר, וועלכע זענען געלאָפן צוזאַמען מיט זיי בעת די מאַ־נעווערס. דאָ, נאָך דער ערשטער אַטאַקע, האָבן זיי פּלוצים דער־פילט, אַז אַלץ איז צעטרייסלט געוואָרן. אַלץ האָט אויסגעזען אַנ־דערש. אַלץ איז געווען פאַרשטיקט, ווייטיקדיק, אויער־פאַרטויבנ־דיק. נעכטן אין אָוונט האָבן זיי צווישן זיך געברומט, אין די ירו־שלימער הייזער, שטילע היימלאַנד־לידער, זיי האָבן געזען זייער היים פון דער נאָענט. דאָ האָבן זיי פּלוצים דערזען הרוגים, טויטע אָדער גוססדיקע חברים נעבן זיך. זיי זענען געלאָפן איבער קער־

פערס פון חברים און זיך נישט געקאָנט אָפּשטעלן כדי צו קאָנטראָ־
לירן צי זיי לעבן, צי זיי זענען טויט. פאַר א סך פון זיי איז דאָס
געווען דער ערשטער צוזאַמענטרעף מיט א ממשותדיקן שונא.
דעריבער איז דאָס אַלץ געווען פאַר זיי אַן איבעראַשונג. קיינער
האָט זיי נישט געלערנט צו זען שטאַרבנדיקע, וואָס שטייען מער
נישט אויף, אַרויסצורוקן די קעפּ פון די שוץ־גראָבנס אונטער א
געדיכטן פייער, כדי אָפּצוזוכן א ציל. די אָפיצירן, וועלכע זענען
געווען די טעטיקסטע צווישן די קעמפער, האָבן געדאַרפט זוכן
פיינדלעכע פּאָזיציעס, נאָכקוקן די באַוועגונג פון פיינדלעכן מילי־
טער, פּרווון זיך באַפרייען פון דעם אומאויפהערלעכן שטראָם קוילן,
וואָס איז אָן אויפהער געפלויגן איבער זייערע קעפּ און פאַרביי זיי.
דער שונא פון קעגנאיבער זיי האָט אויסגעזען שטאַרקער ווי ער
איז געווען אין דער אמתן. די לעגיאָנערן האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר
זייערע אויגן נאָר דאַן, ווען זיי פלעגן טוישן זייערע פּאָזיציעס,
אָדער ווען זיי האָבן געזען זייערע טויטע קערפּערס. אָבער זיי האָבן
געהערט זייערע שטימען, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט
דער שרעק פאַרן אָנקומענדיקן טויט.

נאָר די פּערזענלעכע רעאַקציעס פון די חיילים, די מעלות,
מיט וועלכע יעדער איינער פון זיי איז געווען באַשאָנקען, האָט זיי
איצט געקאָנט דינען פאַר א וועג־ווייזער. ווי אַזוי צו שפּרינגען,
ווען א וואָרף צו טאָן אַ גראַנאַט, ווען באַהאַלטן דעם קאָפּ אין זאַמד
הערנדיק דעם שרעקלעכן דונער פון אַן אויפרייס. עס זענען אויך
געווען צווישן זיי אַזעלכע קעמפער מיט פּערזענלעכער גבורה, וואָס
האָבן אויפגעהערט מורא צו האָבן — און אין דער אמתן איז דער
פּחד געווען דער סאַמע גרעסטער שונא זייערער. זיי האָבן זיך
געוואָרפן אין דער אַטאַקע מיט אָפּגעטעמפּטע חושים, גלייכגילטיק
צום ריח פון צעטרייבערטן פאַרסמאַליעטן פלייש פון די מתים און
צו די מאַסן פליגן, וואָס האָבן זיך גלייך באַזעצט אויף די אָפענע
ווונדן. זיי האָבן שוין נישט געפילט דעם שאַרפן, אָפּשטויסנדיקן
ריח פון שיס־פּולווער. כדי צו זיגן אין אָט דעם קאַמף, בעת וועלכן
עס זענען אויך באַנוצט געוואָרן ביקסן־קאָלבעס, האָבן זיי זיך
געניטיקט אין אַן אומגעהויערן ווילן צו בלייבן לעבן, צו אַן
אינעווייניקסטער פאָרציע פון קאַמפּס־מאָראַל. זיי האָבן אָט דעם
קאַמפּס־מאָראַל איינגעזאַפּט אין משך פון די יאָרן, וואָס זיי האַבן
געדינט אין די וואָלונטאַרע איינהייטן און זי האָט אין די קעמפער
איינגעפלאַנצט די שטרעבונג צו קומען אין קאָנטאַקט מיטן פיינד,
קעמפן קעגן אים, שטורעמען קעגן אים אונטער אַ פייער. דאָ, אויפן
אָרט ווו די אייגענע שראַפּנעלן קאָנען זיי טרעפן, האָבן זיי געמוזט
בליץ־שנעל אָננעמען א באַשלוס, צי לויפן פאָרויס, צי בלייבן אויף

די ערטער. אָבער זייער „איך", וואָס האָט געשטרעבט צו עקזיס־טירן, איז געווען איינגעהילט אין א שרעקלעכער מידקייט. זיי איז שווער געווען צו טראַכטן און זייערע גופים האָבן געגאַרט נאָך מנוחה. עס זענען אויך געווען געוויסע קעמפער, וואָס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון גיין. דאָס אייביקע געזעץ, וואָס שטויסט צו פאַר־בלייבן ביים לעבן וואָס עס זאָל נישט זיין, האָט זיי צוגענאָגלט צו די ערטער, שווער געמאַכט זייערע גלידער. ווען נישט די געשרייען פון זייערע אָפיצירן און דאָס שטופּן זיי פאָרויס, וואָלטן די דאָזיקע חיילים אָפּגעוואַרט אין אַן אָפּגעריינִיקטער טראַנשעע אָדער אין א ווינקל פון א הויז, מאַכנדיק זיך נישט הערנדיק און נישט זעענ־דיק ביזן סוף פון קאַמף. אין אַזאַ פאַל האָבן זיך אַנטפּלעקט די קאָמאַנדירן. דאָס זענען נישט געווען קיין קאָמאַנדירן, וואָס זייער גאַנצע שטרעבונג איז צו שאַפן אַרום זיך לעגענדעס נאָך ביי זייער לעבן, נאָר קאָמאַנדירן פאַראַנטוואָרטלעכע, וועלכע לויפן זייט ביי זייט מיט זייערע זעלנער, פילן דעם אָטעם זייערן און זייערע זעל־נער ווייסן, אַז עס איז פאַראַן א וואַכזאַם אויג, מנהיגים וואָס היטן אָפּ זייערע טריט. דעריבער האָבן אויך די שוואַכע ממשיך געווען זייער געלויף פאָרויס. געלאָפן און געפאַלן.

דדיס לעצטע זעלנער זענען געלאָפן פאָרויס אין די טראַנ־שעען, אין דער ריכטונג פון א ווינ־הויז, וואָס איז געשטאַנען אין מזרח־זייט פון די פאַרצוימונגען אויפן בערגל. אויפן דאַך פון הויז זענען געשטאַנען טעלעוויזיע־אַנטענעס, וועלכע מען האָט געזען פון דער טראַנשעע אַרויס. די אַנטענעס האָבן געשאַפן אַן איינדרוק, אַז דאָס איז א הויז, אין וועלכער עס לעבן פרידלעכע איינוווינער. דער דאָזיקער איינדרוק האָט אָבער געדויערט בלויז אייניקע סעק־קונדעס. דדי האָט באַפוילן איינעם פון זיינע זעלנער אַרויסצוגיין פון דער טראַנשעע מיט א מאַשין־געווער און געבן דעקונג די אַנדערע חיילים, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט דערנענטערן צום הויז. דער זעלנער איז אַרויסגעקראָכן פון דער טראַנשעע און אויף איר ראַנד אַוועקגעשטעלט די מאַשין־ביקס. ער האָט זיך א ביסל אויפגע־הויבן, כדי זיך אַרומצוקוקן און אין דער זעלבער רגע האָט ער באקומען א קויל אין ברוסט. ער האָט א קרעכץ געטאָן, אַרויסגע־לאָזט די לופט פון זיינע לונגען מיט איין מאָל, זיך א דריי געטאָן און אומגעפאַלן נעבן די פיס פון זיין קאָמאַנדיר.

פון דער רעכטער זייט. אַן ערך דרייסיק מעטער ווייט פון די צנחנים, זענען געזעסן פיר לעגיאָנערן צוגעטוליעט צו דער וואַנט פון הויז. זיי האָבן אָנגעהויבן וואַרפן גראַנאַטן, נישט אויפהויבנדיק זיך פון אָרט. די גראַנאַטן האָבן אויפגעריסן איבער דער טראַנשעע.

אָבער די שפּליטערס האָבן געטראָפן אינעווייניק. דער ווייטערדיקער וועג איז אַזוי אַרום געצוימט געוואָרן. אין די געציילטע סעקונדעס, צווישן איין גראַנאַט־אויפרייס און דעם צווייטן, האָבן צוויי צנחנים זיך א לאָז געטאָן אויף זיי און מיטן ערשטן זאַלפּ געטויט דריי לעגיאָנערן. זיי זענען געבליבן ליגן אין דער זעלבער פּאָזיציע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען ביים לעבן. דעם פערטן לעגיאָנער איז געלונגען צו אַנטלויפן דורך א לאָך אין וואַנט פון הויז.

איצט איז דער איינהייט־קאָמאַנדיר דדי געשטאַנען אין דער טראַנשעע בלויז מיט דריי־פיר קעמפער, כמעט אַלע שוין פאַר־וווּנדעטע. די איבעריקע זענען געווען צעשאָטן איבער דער טראַנ־שעע. א טייל זענען דאָרט געלעגן געהרגעטע און א טייל שווער־פאַרוווּנדעטע. זיין פאַרטרעטער אשכול, איז פון ערעגץ־ווו אָנגע־קומען און דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען צו קאָנ־טראָלירן די סביבה. ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פון דער טראַנשעע און א קויל האָט אים געטראָפן גלייך אין שטערן. די קליינע ווונד, פון וואַנען עס האָט גערונען א דין שנירעלע בלוט, האָט געוויזן דעם אָרט פון דער טויט־קויל.

עמי, דער וויצע־קאָמאַנדיר פון דער איינהייט, וואָס האָט אין דער נאַכט אָפּגערייניקט די בנינים פון דער פּאָליציי־שול, איז אַנגעקומען צום אָרט, ווו עס האָט זיך פאַרהאַלטן די פריערדיקע אַטאַקע, צוליב דעם, וואָס עס זענען שוין נישט פאַרבליבן קיין קעמפער. אין איינקלאַנג מיטן נישט־געשריבענעם געזעץ וועגן דער המשכדיקייט פון קאַמף, האָבן עמיס מענטשן פאַרנומען דאָס אָרט פון די טויטע און פאַרוווּנדעטע און האָבן געגומען פאָרזעצן די אַטאַקע. די נייע קעמפער־גרופּע האָט זיך געלאָזט לויפן דורך די טראַנשעען און באַלד זיך ווידער פאַרהאַלטן, נישט ווייט פון אַ דזשיפּ, אויף וועלכן עס איז אַרויפמאָנטירט געוואָרן א ירדנישער האַרמאַט. די אַמוניציע אין דזשיפּ האָט אויפגעריסן און מ׳האָט געמוזט אָפּוואַרטן. זיי האָבן זיך געלאָזט ווייטער ערשט נאָך דעם, ווי די אויפרייסן האָבן אויפגעהערט. אויפן שפּיץ בערגל, קעגנאיי־בער דער עפענונג פון בונקער, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די ירדנישע קאָמאַנדשאַפט, איז א צנחן געזעסן רייטנדיק אויפן טורעם פון אַ טאַנק און געלענקט מיטן פייער פון די מאַשין־געווערן צו די צפונדיקע טראַנשעען און צו א בלינדאַזש, פון וועלכן די לעגיאָנערן האָבן אָן אויפהער געשאָסן אויף די אָנגרייפנדיקע צנח־נים. די יעניקע, וואָס זענען נישט געווען גענוג פאָרזיכטיק און אַרויסגעהויבן די קעפּ פון די טראַנשעען, זענען גלייך געטראָפן געוואָרן פון די ירדנישע קוילן. מען האָט אויך נישט געקאָנט

אַנוועגדן דעם האַרמאַט, אויף א מרחק פון 20—30 מעטער פון די ירדנישע פּאָזיציעס אויפן צפונדיקן באַרג־שיפּוע דאַקעגן האָבן א סך קוילן געטראָפן אין טאַנק, זיך אָפּגעשטויסן פון זיין פּאַנצער און ריקאָשעטירט צעבויגענע ווייט פון אים. אייניקע דירעקטע שאָסן פון אַ שווערערן געווער האָבן געצווונגען דעם קאָמאַנדיר פון טאַנק א ביסל זיך צוריקצוציען, אָבער פון מאָל צו מאָל פלעגט ער זיך צוריקקערן צו זיין פריערדיקער פּאָזיציע אונטער די פּריי־דיקע געשרייען פון די צנחנים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט מוותר זיין אויף דער שוץ פון זיינע שטאָלענע ווענט. דאָס האָט געצווונגען די לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אויפן בערגל, זיך צו פאַרבאָרגן אין זייערע בלינדאַזשן און נישט פּרווון דורכצופירן א קאָנטר־אַטאַקע.

עמי האָט אין צווישנצייט פאַרגעזעצט זיין געלויף אין די טראַנשעען און אָפּגערייניקט ווייטערדיקע ירדנישע פּאָזיציעס. אין א געוויסן מאָמענט האָט א סעריע פון אַן אויטאָמאַט אים פאַרוווּנדעט אין האַנט און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט איז טראַנשעע, נעבן אַנדערע פאַרוווּנדעטע. אויסנוצנדיק א קליינע פּויזע פון א פייער־איבערייס, האָט ער די פאַרוווּנדעטע אָפּגעשיקט צו די הינטערשטע פּאָזיציעס.

זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די פאַרוווּנדעטע אין אַנדערע קאַמפּס־אַרענעס, וואָס זענען געגאַנגען צו דעם זאַמל־פּונקט פון פאַרוווּנדעטע. פּאַקטיש האָבן פאַרוווּנדעטע זיך געשלעפּט צו דעם זאַמל־פּונקט נאָך פון פאַרטאָג־אָן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף און אַזוי איז געווען אין משך פון גאַנצן טאָג. א טייל פאַר־וווּנדעטע זענען נאָך פאַר דעם פאַרבאַנדאַזשירט געוואָרן דורך די פראָנט־סאַניטאַרן אָדער דורך זייערע חברים. זיי זענען געגאַנגען דורך די אָפּגערייניקטע טראַנשעען אונטערהאַלטנדיק איינער דעם אַנדערן. א פאַרוווּנדעטער, וואָס האָט נאָך געהאַט גענוג כוח, האָט אונטערגעהאַלטן א חבר, וואָס איז געווען ערנסטער פאַרוווּנדעט, אָדער אים געשלעפּט אויף דער פּלייצע. ס'האָט פּאַסירט, אז ירדנישע זעלנער זענען מיטאַמאָל אָנגעלאָפן הינטער די זיך שלעפּנדיקע פאַרוווּנדעטע חיילים. דאָס זענען געווען זעלנער פון אויפגעריסענע ירדנישע פּאָזיציעס, וואָס זענען שפּעטער אָפּגערייניקט געוואָרן דורך אונדזערע חיילים, אָבער זיי האָבן נישט בודק געווען צי עס זענען נאָך דאָרטן פאַרבליבן לעבעדיקע לעגיאָנערן. יענע האָבן שפּעטער גענומען לויפן דורך די טראַנשעען און זיך אָנגעטראָפן אויף אונדזערע פאַרוווּנדעטע. די יעניקע פון די פאַרוווּנדעטע, וואָס זענען נאָך געווען בכוח צו האַלטן געווער אין האַנט, האָבן גענומען שיסן אויף די דערשראָקענע לעגיאָנערן און האָבן זיי ליקווידירט.

אין די זאַמל־סטאַציעס פאַר פאַרווונדעטע זענען אויך געקומען פאַרווונדעטע, וואָס האָבן געפירט מיט זיך ירדנישע געפאַנגענע. א פאַרווונדעטער צנחן, האָט געטראָפן אין א טראַנשעע א שווער־פאַרווונדעטן לעגיאָנער, וואָס איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. דער צנחן האָט אים געהייסן אויפשטיין און גיין מיט אים. דער לעגיאָ־נער איז געווען איבערצייגט, אַז ער וויל אים שיסן, אָבער צו זיין גרויסער איבעראַשונג איז ער אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער זאַמל־סטאַציע און מ׳האָט אים אַוועקגעלייגט אויף א טראָג־בעטל, נעבן א פאַרווונדעטן צנחן. מ׳האָט אויך זיינע ווונדן באַנדאַזשירט. עס זענען אויך געווען פאַרווונדעטע, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט באַנ־דאַזשן און דעריבער האָבן זיי צעריסן זייערע העמדער אָדער בלו־זעס און מיט דעם פאַרהאַלטן דאָס בלוט פון די אייגענע און פון זייערע חברימס ווונדן.

אין די אימפּראָוויזירטע זאַמל־סטאַציעס, וואָס א טייל חיילים האָבן אפילו נישט געוווּסט ווו זיי געפינען זיך, האָט דער יונגער דאָקטאָר, סרן אורי, נישט גערוט קיין מינוט. די פיל פאַרווונדעטע האָבן פאַרשטאַרקט זיין אומרו, וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אויף די קאַמפּס־פעלדער. א סך פאַרווונדעטע זענען אָנגעקומען מיט קוילן אין גאַנצן קערפּער. עס זענען אָנגעקומען חיילים מיט אָפּגע־ריסענע הענט און פיס, פאַרווונדעטע אין ברוסט און אין קאָפּ. צוזאַמען מיט די פאַרווונדעטע זענען אויך אָנגעקומען סאַניטאַרן, וועלכע זענען געטראָפן געוואָרן, בעת זיי האָבן דערטיילט הילף זייערע חברים. אויף דעם זאַמל־פּונקט איז געבראַכט געוואָרן א סאַניטאַר מיטן נאָמען דידיא, א יוגנטלעכער, וואָס איז געקומען קיין ישראל פון אַרגענטינע בלויז א קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון די קאַמפן. זיין האַנט איז געוועזן צעשמעטערט. זייענדיק שוין פאַר־ווונדעט האָט ער אינסטרואירט זיינע חברים ווי אַזוי צו העלפן אין באַנדאַזשירן פאַרווונדעטע חיילים, ווי אויך איינצושפּריצן מאָרפיום די יעניקע, וואָס האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן די שווערע יסורים. ווען מ׳האָט אים געוואָלט אויף דעם פּונקט פאַר־באַנדאַזשירן זיין האַנט און איינשפּריצן א באַרואיקונגס־מיטל. האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. „זיי נויטיקן זיך אין דעם מער ווי איך״ — האָט ער געזאָגט אָנווייזנדיק מיט זיין געזונטער האַנט אויף זיינע חברים, וואָס זענען געלעגן נעבן אים.

ביים טונקעלן שיין פון ליכט איז דער דאָקטאָר און זיינע גע־הילפן געגאַנגען פון איין טראָג־בעטל צו דער אַנדערער, סעגרע־גירט די פאַרווונדעטע, דורכגעפירט בלוט־טראַנספוזיעס ווער עס האָט זיך אין דעם גענויטיקט און פאַראָרדנט די טרעגער פון די בעטלעך — שאַפערן, וואָס האָבן זיך צופעליק געפונען אויפן אָרט,

אָדער ירושלימער איינוווינער, וואָס זענען אַרויס פון די מקלטים — זיי זאָלן אַריבערפירן די פאַרווונדעטע אין די שפּיטאָלן. דער דאָקטאָר, וואָס איז געווען געווינט צו הערן אין די סעגרעגאַציע־צימערן פון די שפּיטאָלן די געשרייען פון פאַרווונדעטע אין רעזול־טאַט פון וועג־קאַטאַסטראָפעס אָדער אַנדערע אומגליקן, האָט צו־ערשט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס עס הערשט אויף דעם זאַמל־פונקט אַזאַ אויסטערלישע שטילקייט. קיינער האָט נישט גע־שריען. קיינער האָט נישט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען אים איבערלאָזן אויף זיין אייגענעם באַראָט. נאָך מער: א סך פון די לייכט־פאַרווונדעטע האָבן געבעטן א דערלויבעניש זיך צוריקצו־קערן צום אַמוניציע־בערגל.

אונטערן פייער, וואָס איז געשאָסן געוואָרן נאָענט צום זאַמל־פונקט, איז דער דאָקטאָר פאַרטאָג אַרויס, כדי צו געפינען אַ וועג צום בנין פון דער פּאָליציי־שול. די גרויסע צאָל פאַרווונדעטע האָט אים זייער באַאומרואיקט. עס איז געווען קלאָר פאַר אים, אַז מען נויטיקט זיך אין אים דאָרטן, ווו דער קאַמף גייט נאָך אַלץ אָן. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעקוקט אַ וועג, האָט ער גענומען מיט זיך מעדיצינישע אויסשטאַטונג און צוזאַמען מיט סאַניטאַרן זיך גע־לאָזט דורך א מינירטן פעלד צום בנין פון דער פּאָליציי־שול. דער ערשטער פאַרווונדעטער, אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעטראָפן, איז געווען דער קאָמאַנדיר פון אַן איינהייט, וועלכער איז פאַרוווּנ־דעט געוואָרן דורך א סנייפּער־קויל. גלייך נאָך אים האָבן צנחנים געבראַכט צופירן אַן אָפיציר פון לעגיאָן, וועלכער האָט בעתן קאַמף פאַרווונדעט א ישראַלדיקן אָפיציר. אויך דער ירדנער איז געווען פאַרווונדעט. „זיי זיך נישט מטפל מיט אים" — האָבן געשריען די קעמפער מיט ציין־קריצעניש. א פּאָר סעקונדעס האָט דער דאָקטאָר געקעמפט מיט זיך אַליין, אָבער באַלד האָט ער זיך געשטעלט אויף די קני, באַטראַכט די ווונד פון ירדנישן אָפיציר און נאָכן פאַר־באַנדאַזשירן אים, געהייסן אים אָפּפירן אין הינטערלאַנד.

סגן לניר, א יונגער אָפיציר, איז געבראַכט געוואָרן א שווער־פאַרווונדעטער אין האַלדז. צוזאַמען מיט אים איז געבראַכט געוואָרן א חייל מיט א צעלעכערטן ברוסט־קאַסטן. זיי זענען ביידע געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט די רוקנס אין וואַנט און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. אויף דער בקשה פון דאָקטאָר האָט דער פאַרווונדעטער אָפי־ציר, מיט א שמייכל אויף די ליפּן, דערציילט מיט א כאַרכלענדיקער שטים, וועגן דעם קאַמף, וואָס קומט פאָר אויבן, אויפן בערגל.

אין צווישן איז דער נייער סאַניטאַרער פונקט פול געוואָרן מיט פאַרווונדעטע אין אַ קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַן אַנדער טייל פון שטאָט. דער דיוויזיע־דאָקטאָר, סרן יעקב, מיט דער הילף

פון קאַמפּס־סאַניטאַרן, האָבן פיבערהאַפּט געאַרבעט, געגאַנגען פון איין פאַרווונדעטן צום צווייטן, כדי די שווער־פאַרווונדעטע תיכף איבערצושיקן אין די שפיטאָלן. פאַרטאָגס האָבן זיך אויסגעלאָזט די רפואות. עס איז געווען נויטווענדיק צו באַקומען תיכף ומיד נייע מעדיקאַמענטן און אויסשטאַטונג. אַ סאַניטאַר איז אונטער אַ האָגל פון קוילן אַרויס, צוגעלאָפן צו אַ הויז און פון דאָרט טעלע־פאָנירט צום מגן דוד אדום. אין געציילטע מינוטן איז צום סאַני־טאַר־פונקט אָנגעקומען אַן עשאַלאָן פון אַמבולאַנסן. די ציווילע שאָפערן האָבן שנעל צונויפגענומען די פאַרווונדעטע און מיט דער גרעסטער שנעלקייט זיי אָפּגעפירט אין די שפיטאָלן. אַדאַנק דעם איז געראַטעוועט געוואָרן דאָס לעבן פון אַ סך חיילים. אַנדערע האָבן געמוזט גלייך אָפּערירט ווערן און דאָס, וואָס זיי זענען באַצייטנס געבראַכט געוואָרן אין שפיטאָל, האָט געהאָלפן די דאָק־טוירים זיי אויפצוהאַלטן ביים לעבן.

די דאָקטוירים האָבן דורכגעפירט אָפּעראַציעס אין אַ ווילדן טעמפּאָ. איינער נאָכן אַנדערן זענען די פאַרווונדעטע געבראַכט גע־וואָרן צום אָפּעראַציע־טיש. אין די קאָרידאָרן זענען די טראָג־בעט־לעך געווען אויסגעשטעלט, ענג איינס נעבן דעם אַנדערן. אויף זיי זענען געלעגן פאַרווונדעטע קעמפער, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי אָפּערירט צו ווערן. צווישן די אַמבולאַנס־שאָפערן איז אויך געווען איין יונגע פרוי, אַ ירושלימער סאַניטאַרין מיטן נאָ־מען אסתר זלינגר. זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָפּצופאָרן מיט די אַמבולאַנסן און איז געבליבן מיטן דאָקטאָר אין סאַניטאַר־פונקט. צוערשט האָט דער דאָקטאָר נישט געוואָלט אָננעמען איר הילף, אָבער ווען זי האָט — אָן זיין דערלויבעניש — אָנגעהויבן צו גיין פון איין פאַרווונדעטן צום צווייטן און באַנדאַזשירט זייערע ווונדן, האָט דער דאָקטאָר דערלויבט דעם „מלאך אין ווייסן״, ווי די פאַרווונדעטע האָבן זי גערופן, אים צו העלפן אין דער אַרבעט.

אַ פאַרווונדעטער זעלנער האָט צוגערופן די סאַניטאַרין און איר געגעבן זיין שטאָל־קאַסקע. „איר ווערט זיך אין דעם נויטיקן״ — האָט ער איר געזאָגט. אַביסל שפּעטער האָט זי טאַקע געדאַרפט האָבן אָט דעם שטאָל־העלם. די דאָזיקע סאַניטאַרין, וואָס האָט אין רעגולערן מיליטער באַקומען אַ לויב־אויסצייכענונג נאָך דעם ווי זי האָט מיט גבורה, אַרויסגעראַטעוועט צוויי פילאָטן פון אַ ברע־נענדיקן עראָפּלאַן, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויפרייסן, האָט זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט, אין גאַנג פון די קאַמפן און געהאָלפן פאַרווונדעטע זעלנער וואָס זענען געלעגן אין די גאַסן אָן הילף. ווען די צנחנים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז זי גייט אַליין

אַרום איבער די גאַסן, האָבן זיי איר געגעבן צוויי חיילים, אַלס פּערזענלעכע היטער. זיי האָבן נאָכגעגאַנגען באַגלייט די סאַניטאַרין אויף איר וועג צו ראַטעווען דאָס לעבן פון זייערע חברים.

דער קאַמף אויפן אַמוניציע־בערגל איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען. אויפן צפון־מערבדיקן טייל פון בערגל האָט דודיק שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן זיין קאַמפּס־אויפגאַבע. אין צפון־מזרח פון בערגל האָבן צנחנים געשטורעמט אַן איינזאַמע פּאָזיציע, וואָס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט די טראַנשעען און קאָמוניקאַציע־קאַנאַלן. דאָס איז, ווייזט אויס, געווען אַ פּאָזיציע פון מינע־וואַרפערס. די ירדנער זענען דאָרט געזעסן ביי אַ קאַסטן פול מיט גראַנאַטן און זיי געוואָרפן נישט אויפהויבנדיק זיך פון אָרט. די צנחנים האָבן אַטאַקירט די דאָזיקע פּאָזיציע און אויך זי ליקווידירט.

אויף אַלע עקן פון בערגל איז פאָרגעזעצט געוואָרן דער קאַמף. די צנחנים האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דער גרויס פון זייערע קרבנות און געמאַכט עקשנותדיקע באַמיאונגען אַרויסצושטויסן די לעגיאָנערן. קיין סך זענען שוין פון זיי נישט פאַרבליבן. אַ טייל לעגיאָנערן זענען געוואָרן באַגראָבן אונטער די חורבות פון זייערע פּאָזיציעס און א טייל זענען ליקווידירט געוואָרן ביים אָפּרייניקן די בלינדאַזשן. אַ קליינע גרופּע לעגיאָנערן איז געזעסן אין אַ בונקער פון וועלכן זי האָט געהערשט איבער דעם צפונדיקן אויסבייג פון די טראַנשעען, דאָרט, ווו עס האָבן זיך געדאַרפט פאַראייניקן די צוויי כוחות, וואָס האָבן אָפּגערייניקט די טראַנשעען פון רעכטס און לינקס. דער דאָזיקער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען ערשט נאָך זיבן־אַכט שעה פון אומאויפהערלעכן קאַמף. אין משך פון די שווערע שעהן האָבן אַ סך צנחנים געהאַט אַ חשש, אַז זייערע חברים זענען שוין נישט ביים לעבן. די דאָזיקע סברה זייערע, איז לגבי אַ סך צנחנים געווען נישט ווייט פון אמת.

פון רעכטס, נעבן דעם פאַרקוילטן דזשיפּ, האָט איין איינהייט זיך געלאָזט דורך דער טראַנשעע אויף אָט דעם בונקער. „פּאָרזיכטיק, אַ באַזוקע״ — האָט אויסגעשריען אַ חייל, וועלכער האָט באַמערקט ווי אַ לעגיאָנער גייט אַרויס פון בונקער און צילט מיט אַ באַזוקע אויף דער גרופּע צנחנים. צו זייער גליק, האָבן זיי דאָס געשריי דערהערט איידער דעם אויפרייס. די חיילים זענען אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט און זענען בלויז לייכט געטראָפן געוואָרן פון די ברוך־שטיקלעך. פון ירדנישן בונקער איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ פייער־זאַלפּ אין די טראַנשעען אַריין. צוויי צנחנים זענען דערהרגעט געוואָרן און געבליבן ליגן אויף דער ערד. צוויי אַנדערע קעמפער, יקי און דוד, איז געלונגען אויסצונוצן אַ קורצן איבער־

רייס אין דער שיסעריי און דערלויפן צום אַריינגאַנג פון בונקער. די ירדנישע באזוקע־פּאָזיציע איז ליקווידירט געוואָרן. די שטאָלענע רער, וואָס איז פריער געווען אַן עפעקטיוו געווער, איז צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צווייען. די איבערגעבליבענע ירדנער אין בונקער האָבן אָבער, נישט האָבנדיק קיין אנדער ברירה, ווייטער געשטעלט אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד. די דאָפּלטע ווענט פון בונקער זע־נען געווען אַ גוטע שוץ און עס איז שווער געווען זיי אַרויס־צורייסן פון דאָרט. אַ קעמפער מיטן נאָמען יהודה, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אזוי ער קומט צו דער אָפּטיילונג, צו וועל־כער ער האָט בכלל נישט געהערט, איז אַוועקגעקראָכן ארום דער בעטאָן־וואנט, ארויפגעדראַפּעט זיך אויפן דאַך פון בונקער און דורך דער שיס־לאָך אריינגעוואָרפן א גראַנאַט אינעווייניק. עס האָט זיך דערהערט אן אויפרייס, אַ פייער האָט ארויסגעזעצט, געשרייען פון פארוווּנדעטע ירדנער. אָבער די לעגיאָנערן האָבן נאָך אלץ פאַר־געזעצט זייער שיסעריי. אַן אנדער קעמפער, מיטן נאָמען דוד, איז אויך ארויפגעקראָכן אויפן דאַך פון בונקער. אונטער אים האָבן די לעגיאָנערן נישט אויפגעהערט צו שיסן. ער איז געשטאַנען אָפּ־געדעקט פארן פייער פון די ירדנישע סנייפּערס און ער האָט דע־ריבער זיך געמוזט אוועקלייגן אויפן דאַך. אין צווישן האָט יקי גע־בראכט זעק מיט אויפרייס־מאטעריאל. ער האָט די זעק גענומען וואַרפן צו דודן אויפן דאַך פון בונקער און יענער האָט זיי פאַר־זיכטיק איבערגעכאפּט אין פלי. ווען ער האָט שוין געהאַט ביי זיך א היפּש ביסל אויפרייס־מאטעריאל האָט דוד גענומען צוגרייטן דעם מאטעריאל צום אויפרייס. די ירדנער אין בונקער האָבן משמעות דערפילט, אז עפּעס טוט זיך ארום זיי און זענען שיעור נישט משוגע געוואָרן פון שרעק. איינער האָט דאָרטן געשריען מיט קולי־קולות. אנדערע האָבן פאַרשטאַרקט די שיסעריי.

דוד האָט אָנגעצונדן די קנויטן און אליין איז ער שנעל אראָפּ־געשפּרונגען און זיך באהאלטן אונטער א דעקונג. סעקונדעס שפּע־טער האָט זיך דערהערט א שרעקלעכער אויפרייס. דער דאַך פון בונקער האָט זיך איינגעבראָכן און באגראָבן אונטער זיך די לע־גיאָנערן. איינער פון זיי האָט נאָך א שטיקל צייט געקרעכצט, אָבער באלד איז ער פארשטומט געוואָרן. איצט, נאָך דעם ווי עס איז שוין ליקווידירט געוואָרן די לעצטע פּאָזיציע, האָבן די צנחנים צום ערשטן מאָל באגעגנט זייערע חברים פון דער צווייטער זייט פון די טראנשעען. זיי האָבן זיך איינע די אנדערע אָנגעקוקט און נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויגן, אז זיי לעבן נאָך.

נאָכן פאַרענדיקן זייער הויפּט־אויפגאבע, האָבן די קעמפער זיך

אונעקגעזעצט אין די צעבאָמבאַרדירטע פּאָזיציעס, וואָס זענען נאָך אין דער פרי געווען אין די הענט פון די ירדנער. ביסלעכווייז זענען זיי געקומען צו זיך פון דעם שווערן קאַמף און פון די אויפטרייס־לענדיקע איבערלעבונגען. דער פּחד, וואָס האָט ביז איצט נישט פאַרנומען קיין אָרט אין זייערע מחשבות, האָט אָנגעהויבן באַהער־שן אַ טייל פון די מידע קעמפער. פון דערנעבנדיקן בערגל האָט זיך נאָך געהערט דאָס פייפן פון די קוילן. די דאָזיקע שיסערייען האָט זיי נישט נוגע געווען דירעקט און זיי זענען נישט געווען געצוווּנגען צו זוכן דעקונג, אָבער טראָץ דעם זענען עס געווען שיסעריי־אָפּקלאַנגען. צום ערשטן מאָל האָבן זיי געהערט די דאָזיקע אָפּקלאַנגען נישט זייענדיק אין קיין סכנה — זענען זיי דעריבער געזעסן אין די שוץ־גראָבנס און גאָרנישט געטאָן.

פון דעסטוועגן האָבן אָט די אָפּקלאַנגען פון קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען ווייט, זיי באַאומרואיקט מער ווי דאָן, ווען זיי גופא האָבן געשאָסן שטייענדיק פנים אל פנים מיט די לעגיאָנערן. איצט, נאָכן פאַרענדיקן דעם געלויף אין די טויט־טראַנשעען, האָט יעדע־רער פון זיי געוואָלט בלייבן לעבן, נישט ווערן פאַרוווּנדעט. די זעלנער פון לעגיאָן, וואָס זענען געגומען געוואָרן אין געפאַנגענ־שאַפט, האָבן זיך ארומגעדרייט אין דער דעראָבערטער פּאָזיציע און דאָס האָט פון דאָסניי זיי נערוועז געמאַכט. עס זענען געווען לע־גיאָנערן, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט, אָבער צווישן זיי זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך, אַלס צייכן פון אונטערגעבן זיך און נאָך דעם געוואָרפן אויף אונדזערע חיילים אַ גראַנאַט. איין געפאַנגענער האָט זיך דערנענטערט צום בונקער, האַלטנדיק די הענט איבערן קאָפּ. פּלוצלונג האָט ער פון קעשענע אַרויסגעשלעפּט אַ גראַנאַט. אָבער איידער ער האָט נאָך געהאַט אַ געלעגנהייט אים צו וואַרפן, האָט ער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ. איין לעגיאָנער האָט זיך פאַר־באַריקאַדירט אין צעשמעטערטן בונקער און קיינער פון די צנחנים האָט נישט געהאַט קיין חשק זיך צו דערנענטערן צו אים. דער חשש געטראָפן צו ווערן דווקא איצט, האָט צוגענומען ביי זיי אָט דעם חשק. ניר, וועמענס בגדים זענען געווען דורכגעווייקט מיט בלוט, איז געלאָפן צום בונקער און ער איז שיעור נישט דערהר־געט געוואָרן אויפן וועג.

די אָפיצירן האָבן גענומען אויסשטעלן די חיילים, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט אין זייער רשות, אויף פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס, אין פאַל פון אַן אומדערוואַרטן אָנגריף. זיי האָבן איבערגעציילט די קעמפער, שנעל געמאַכט רשימות פון די פאַרוווּנדעטע חיילים,



ברענענדיקער אויטאָ ביים אַריינגאַנג צום שער האריות.



קאָמאַנדאָ־טאַנקעטקע פון „מוטה״ ביים אַריינגאַנג צום שער האריות.

אַזוי האָט זיך באַוויזן דער כותל המערבי פאַר די ערשטע דורכברעכער.
איבעראַשטע אַראַבער האָבן פאַרחידושט אַנגעקוקט די גערירטע פאַראַשוטיסטן.

די בלוי־ווייסע פאָן ווערט צום ערשטן מאָל אַרויפגעצויגן אויפן כותל המערבי (אויבן).
סאַלוטירונג פֿאַר די וואַנט־שטיינער (אונטן).

דער רב הראשי פון צה״ל אלוף שלמה גורן, „רייסט זיך״ מיט אַ ספר־תורה אין דער ריכטונג פון הר הבית (אויבן). די פרייד פון נצחון. רב אלוף גורן נעמט זיך אַרום מיט אלוף משנה אברהם תמיר, פון די העכערע קאָמאַנדירן פון צה״ל. (אונטן).



די ערשטע אויף די טרעפּ פון הר הבית.



עמוס, אָפיציר פון אג״ם
פון דער בריגאַדע, אין דער אַקציע.
אין הינטערגרונט —
דער- עומר־מעטשעט.



לאַנדשאַפט פון הר הזיתים.

עס ווערן אויסגערייניקט
די קרומע געסלעך פון דער
אַלט־שטאָט.

פּאַראַשוטיסטן אין די געסלעך פון דער אַלט־שטאָט. קעמפער האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אַרום דער שטאָט בעת זייערע חברים האָבן זיך אַריינגעריסן אין אירע טויערן. (אונטן לינקס).





ווערטער פאַר דער געשיכטע. אַ פאָרשטייער פון „גלי צה"ל" נעמט־אויף רייד פון קעמפער.

דער שער האריות איז געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל פון אַ טאַנק־האַרמאַט.
אַ דזשיפּ אויף וועלכן עס געפינט זיך אַ האַרמאַט און צוריקשטויס, פאַרט אַריין אין שטאָט.



ב"ה, כ"ח באייר תשכ"ז מ"ג לספ"י

דבר הרב הראשי לצה"ל אלוף הרב שלמה גורן

**לגאולת העיר העתיקה, הכותל המערבי והר הבית מידי לגיונות האויב**

חיילי ישראל, אהובי העם, עטורי הגבורה והנצחון.

ה' עמכם גבורי החיל.

מדבר אנכי לכם מרחבת הכותל המערבי שריד בית מקדשנו.

נחמו נחמו עמי יאמר אלוהיכם.

זה היום קוינו לו נגילה ונשמחה בישועתו.

חזון כל הדורות נתגשם לעינינו, עיר האלוהים, מקום המקדש, הר הבית והכותל המערבי – סמל הגאולה המשיחית של העם נגאלו היום על ידכם גיבורי צבא הגנה לישראל. [illegible handwritten insertion]

לב מי לא ירנן ולא יצהל לשמע בשורת גאולה זו. מעתה פתוחים שערי ציון וירושלים העתיקה ודרכי הכותל המערבי לתפילת בניה – בוניה ומשחריה בארץ וליהודי כל התפוצות שיעלו ויבואו להגיל תחינה אל בורא עולם.

השכינה שלא זזה מעולם מן הכותל המערבי הולכת כעת לפני צבאות ישראל בעמוד אש להאיר לנו את דרך הנצחון, ומקיפה אותנו בענני כבוד קבל עם ועולם. אשרינו שזכינו לשעה עילאית זו ונשגבה ביותר בתולדות העם.

~~ולבני אומות העולם אנו מצהירים: נשמור ברגשי כבוד על כל המקומות הקדושים לבני כל האומות שוחרות שלום ואמונה, ושעריהם יהיו פתוחים לבני כל הדתות.~~

חיילים ובנים יקרים! על ידכם נתגלגלה הזכות הגדולה ביותר של העם שמתגשמת תפילת הדורות וחזון הנביאים "כי אתה ה' באש הצתה ובאש אתה עתיד לבנותה כאמור ואני אהיה לה נאום ה' חומת אש סביב ולכבוד אהיה בתוכה". ברוך אתה ה' מנחם ציון ובונה ירושלים.

ולציון ולשריד בית מקדשנו אנו מבשרים: שבו בנים לגבולם, עומדות כעת רגלינו בשעריך ירושלים, עיר שחוברה יחדיו עם ירושלים היהודית החדשה, זאת העיר כלילת יופי משוש כל הארץ, עיר הבירה למדינת ישראל הנצחית.

בשם כל קהל ישראל בארץ ובגולה הנני מברך בשמחה עילאית: ברוך אתה ה' אלוקינו מלך העולם שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה, בשנה הזאת בירושלים הבנויה.

שלמה גורן, אלוף
הרב הראשי לצה"ל

יום רביעי כח אייר תשכ"ז
[illegible]
[illegible]
ירושלים.

[illegible]

פאַרטיילט אמוניציע. פון דעם מאָמענט און ווייטער זענען זייערע טואונגען געווען ווי אַן איבערראַשונג פון די דורכגעמאכטע אי־בונגען, געננוי ווי אין די אינסטרוקציע־ביכער.

פון אקעגנאיבער האָבן זיי געזען די פאָרטיפיקאציע „מיבתר", וואָס האָט זיך ארויסגעהויבן איבער דעם שאָסיי קיין ראַמאללאַ. זיי האָבן אויך געזען ווי אונדזערע טאַנקען שטייען שוין נעבן די ערשטע הייזער פון שטאָט, אויף די באַרג־שיפּועים. פון צייט צו צייט האָבן זיי געשאָסן אויף די לעגיאָנערן, וועלכע זענען גע־לאָפן פון די צעשמעטערטע פּאָזיציעס און אין צווישן געהאט אויך צייט צו באַטראַכטן דעם הערלעכן פּייזאַזש, וואָס האָט זיך אנט־פּלעקט פאַר זייערע אויגן, דער פּייזאַזש פון הר ירושלים.

זייער קאַמף, דער קאַמף פאַרן אַמוניציע־בערגל האָט זיך פאַר־ענדיקט. די צנחנים זענען געזעסן שווייגנדיקע אין די שוץ־גראָ־בנס ביז אין אָוונט. זעקס און צוואַנציק פון זייערע חברים זענען פאַרבליבן אויפן בערגל — אויך זיי שווייגנדיקע אויף אייביק. איין צנחן, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון שוץ־גראָבן, און האָט נישט פאַרגעסן, אַז אויפן בערגל איז פאָרגעקומען אַ מלחמה קעגן קעגנער, עקשנותדיקע קעמפער, האָט אויפן אָרט ווו עס זענען געלעגן זיבעצן דערהרגעטע לעגיאָנערן, אָנגעשריבן אויף אַ ברעטל: „דאָ ליגן זיבעצן מוטיקע לעגיאָנערן". דאָס איז געווען אַ שטומער סאַלוט אויך פאַר אַנדערע פופציק לעגיאָנערן, וואָס זענען געלעגן דער־הרגעטע אין די פּאָזיציעס, בונקערס, טראַנשעען, צווישן די ביימער און פאַרקאַנעס.

שפּעטער, ווען די מידע צנחנים האָבן אַרויסמאַרשירט צו די אינערלעכע קוואַרטאַלן פון שטאָט, האָבן זיי, בעתן פאַרבייגיין דעם בונקער, קעגן וועלכן זיי האָבן געקעמפט מיט אַזאַ אויסערגעווייג־לעכער זעלבסט־אָפּפערונג, אַוועקגעלייגט נעבן אים א שטיין. יעדער קעמפער האָט אַוועקגעלייגט זיין שטיין ביז עס האָט זיך געשאַפן אַ בערגל. אויפן שפּיץ פון דעם שטיינער־בערגל האָבן זיי אַוועק־געלייגט אַ צעלעכערטן העלם. ביינאַכט איז דאָס דאָזיקע בערגל געווען דער איינציקער עדות פון דעם, וואָס עס האָט דאָרט פּאַסירט אין משך פון יענעם טאָג.

# שייך דזשעראַך

אין גאַנג פון קאַמף פאַרן אמוניציע־בערגל, האָבן אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע אָפּצורייניקן דעם קוואַרטאַל שייך דזשעראַך, געמוזט פירן אַ קאַמף צווישן די הייזער, כדי צו ליקווידירן די סנייפּער־נעסטן. צווישן זיי איז דער בולטסטער געווען אין אָט דעם קוואַרטאַל דער האָטעל „אַמבאַסאַדאָר". אָבער אויך אים האָט מען געמוזט געמוזט איינגענומען? — געמען געמוזט אײַנגענומען און אָפּגערייניקט. אין וואַרט־זאַל, פון וואַנען מען האָט געהאַט אַן אַרויסבליק אויף די הייזער פון קוואַרטאַל, זענען מיט אייניקע טעג צוריק געזעסן טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט. איצט זענען דאָרט געזעסן צנחנים. אייניקע פון זיי האָבן פאַרבאַריקאַדירט די פענצטער און פאַרגעזעצט דעם קאַמף קעגן די נאָך פאַראַנענע סנייפּערס. זיי זענען געלאָפן פון איין צימער אין אַנדערן אונטער די קוילן פון סנייפּערס. אָבער די קוילן האָבן דאָס רוב געטראָפן אין די עלעגאַנטע מעבל און ווענט.

כדי פעסטצושטעלן די ערטער פון וואַנען די סנייפּערס שיסן, פלעגן די צנחנים אויפהויבן אויף אַ שטעקן זייערע העלמען און אַרויסרוקן דורכן פענצטער. די העלמען פלעגט מען טאַקע צוריק־באַקומען דורכגעלעכערטע פון קוילן, אָבער דערביי פלעגט גלייך פעסטגעשטעלט ווערן דאָס אָרט ווו די סנייפּערס זיצן. פון צייט צו צייט פלעגט מען זען ווי די לעגיאָנערן־סנייפּערס פאַלן דערשאָסענע פון די פענצטער. אויך אויפן דאַך פון בעלגישן קאָנסולאַט זענען געלעגן אייניקע סנייפּערס. אַ גרופּע צנחנים איז צוגעקומען צו דער טיר פון קאָנסולאַט, אָנגעקלאַפּט העפלעך אין טיר און געבעטן אויפקלערונגען. דער בעלגישער קאָנסול איז אַרויס צו זיי האַלטנ־דיק אין האַנט אַן אימוניטעט־צייגעניש. צוזאַמען מיט אים זענען אַרויס צען מענער און צוויי פרויען. צווישן זיי זענען געווען די קאָנסולן פון סיריע, מצרים און איראַק. אויך זיי האָבן געפּאָדערט פאַר זיך דיפּלאָמאַטישע אימוניטעט. „ירדן איז נישט מצרים און די מלחמה ווערט דאָ נישט געפירט קעגן די מצרים" — האָט דער מצרישער קאָנסול געפּרוווט איבערצייגן די צנחנים. אלע דריי זע־נען, פאַרשטייט זיך, געווען געווען אין געפאַנגענשאַפט.

אויף אַ מרחק פון 200 מעטער פון האָטעל האָט זיך געפונען

אַ קליינער געצעלטן־לאַגער. עס איז דאָרט דורכגעפירט געוואָרן אַן אַבלאַווע. אין איינעם פון די געצעלטן איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל, וואָס האָט זיך אביסל געוויגט. אונטערן בעטל איז אַנטדעקט געוואָרן אַ ירדנישער אָפיציר מיט אַ „קאַראַבין״־ביקס. ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אין אַן אַנדער געצעלט איז אַנטדעקט געוואָרן א זעלנער, באַהאַלטן אין אַ שאַפע, הינטער בגדים, אָבער אַן געווער. ער איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

אין האָטעל „קאָנטינענטאַל״ זענען געזעסן די אויסטערלישע דעראָבערער אויף די וועראַנדעס און גערוט. דער קאָמאַנדיר פון דער איינהייט, גיורא אשכנזי, אַ קיבוצניק, האָט זיינע חיילים קלאָר געמאַכט וואָס ער וועט טאָן די יעניקע, וועלכע וועלן עפּעס נעמען פון האָטעל־אינווענטאַר. אָבער די דאַזיקע וואָרענונג איז נישט געווען נויטיק. זייער געמיט איז נישט געווען גענויגט צו טראַכטן וועגן טראָפייען.

אַ ירדנישער דזשיפּ, וואָס איז פּלוצים אַראָפּגעפאָרן פון גבעת המיבתר, האָט איבערגעריסן די שטילקייט. א חייל איז אַראָפּ אויפן וועג און אויסגעשאָסן פון אַ באַזוקע אויפן שנעל־פאָרנדיקן דזשיפּ. דער שאָפער איז אַראָפּגעפאַלן, געקראָכן אַביסל אויפן וועג און געבליבן ליגן. צוויי אַנדערע לעגיאָנערן, וואָס זענען געטראָפן געוואָרן אין דזשיפּ, זענען אַראָפּגעשפּרונגען הינטער א פּלויט און פון דאָרט געעפנט מיט אַ פייער. אַ פּאָר מינוט שפּעטער זענען אויך זיי געפאַלן פון די ישראלדיקע קוילן.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן. די איינהייט וואָס האָט פאַרנומען שייך דזשעראַך האָט גענאָסן פון רו. אין אָט דעם קוואַרטאַל וואָס איז 19 יאָר געווען אונטער דער הערשאַפט פון ירדן, זענען בשעתו קאַלטבלוטיק דערמאָרדעט געוואָרן יידישע דאָקטוירים און קראַנקן שוועסטער, בעת זיי זענען געפאָרן צום שפּיטאָל אויפן הר הצופים.

# דער קאַמף פאַר די פאַרוואונדעטע

דער ראָקפעלער־מוזיי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטאַב פון דער דיוויזיע.

אין הויף פון בנין, ווו עס האָבן זיך געפונען די גאראזשן פון די מוזיי־דירעקטאָרן, זענען קאָנצענטרירט געוואָרן צענדליקער געפאַנגענע. די צנחנים האָבן באזוכט די געפאנגענע לעגיאָנערן, וואָס מען האָט געבראכט פון אלע עקן שטאָט. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין פיזשאמעס אָדער ציווילע בגדים, וואָס זיי האָבן געכאַפּט ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט. די יינגערע צווישן זיי האָבן נאָך געהאט אילוזיעס, אז זיי וועלן האָבן א געלעגנהייט ווייטער צו קעמפן. אַן 18־יאָריקער זעלנער האָט געקוקט מיט האַס און צאָרנדיקע בליקן יעדן מאָל ווען מען פלעגט זיך דערנענטערן צו אים. מען האָט אים נאָך אמאָל באזוכט און טאַקע געפונען ביי אים באהאלטן א רעוואָלווער. נאָך דעם ווי ער האָט באקומען אַ קאָפּע אין הינטער־חלק, האָט זיך אביסל אָפּגעקילט זיין „טעמפעראמענט”. בלויז איין צנחן, וואָס איז געשטאַנען הינטער א שטיינערנער סקולפּטור מיט אַן אויטאָמאט אין האנט איז געווען גענוג צו האלטן די געפאנגענע אין צוים.

א חייל איז דורכגעגאנגען צווישן די בלייכע געפאנגענע און זיי געטיילט סיגארעטן. די באַזיגטע לעגיאָנערן זענען צוערשט געווען דערשטוינט פון דעם, אָבער דאָס רוב האָבן זשעדנע גענומען די פאָרגעלייגטע סיגארעטן. איין געפאנגענער האָט זיך די גאנצע צייט באמיט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די צנחנים און ווען מען האָט אים געפרעגט וואָס ער וויל, האָט ער געבעטן מען זאָל אים פירן צום אָפיציר: „איך האָב עפּעס וואָס מיטצוטיילן” — האָט ער אויפגעקלערט אויף א גוטן עברית. מען האָט אים אוועקגעפירט צום אָפיציר פון אויסשפּיר־דינסט.

דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר „מאָטיע” איז געזעסן אויף די טרעפּ אין הויף. נעבן אים איז געזעסן אַן אָפיציר פון לעגיאָן, וועלכער איז געכאפּט געוואָרן אייניקע מינוט פריער. דער אָפיציר, וואָס איז ביז א טאָג פריער געווען דער ירדנישער פאָרשטייער אין דער וואָפנשטילשטאַנד־קאָמיסיע, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גוטן גאַ־

באַרדין־מונדיר, אָן איין קנייטשעלע. „מאָטע“, דאַקעגן איז געווען אָנגעטאָן אין קאמפּס־בגדים. זיי האָבן געשמועסט פּונקט ווי זיי ביידע וואָלטן געווען לאנגיאָריקע באקאנטע. „נישט גוט די מלחמה“ — האָט זיך אָפּגערופן דער אָפיציר — איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין פּאָליטיק, אָבער איך ווייס נאָר, אז כוסיין האָט אריינגעדרייט זיך און אויך אונדז“. דער קאמף איז נאָך אָנגעגאנגען. ארום זענען נאָך געפאלן הארמאטן־קוילן, אָבער דער אָפיציר האָט, ווייזט אויס, נישט געהאט קיין אנדערע דאגות, ווי נאָר צו געפינען א זכות פאַרן דורכגעפאלענעם קעניג. עס איז געווען קענטיק, אז דער אָפי־ציר איז צופרידן וואָס ער איז אריינגעפאלן אין געפאנגענשאפט. ער האָט אין גאנג פון געשפּרעך, צוגעזאָגט, אז ער וועט נישט פּרווון צו אנטלויפן. אָבער קיינער האָט נישט מורא געהאט פאַר אזא מעג־לעכקייט. אים איז געגעבן געוואָרן א מעגלעכקייט נישט צו זיין צוזאמען מיט די פּשוטע אראבישע זעלנער און ער האָט זיך אוועק־געזעצט אויף א הויפן ברעטער, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט. „ווען עס וואָלט געווען פאַרקערט און „מאָטע“ וואָלט געזעסן אויף זיין אָרט, אלס געפאנגענער פון לעגיאָן“... האָט א זאָג געטאָן איינער פון די שטאַבס־אָפיצירן, ווען עס איז נישט געפעלן גע־וואָרן די אידילִיע, וואָס עס הערשט צווישן ביידע אָפיצירן...

דער שטראָם פון די געפאנגענע האָט נישט אויפגעהערט. זיי זענען געווען דערשראָקן און געשוויצט אפילו אין די דאָזיקע קאלטע אָונט־שעהן. די ציווילע צווישן זיי זענען צוריק אָפּגעשיקט געוואָרן אין זייערע ווין־ערטער און זיי האָבן זיך דאָרט פאַרשלאָסן אין די קעלערן. אין שטאַב האָבן אָנגעהויבן צו קומען די ערשטע באריכטן וועגן דער צאָל אבידות אין פאַרשידענע באטאליאָנען — זיי האָבן דערציילט וועגן די צענדליקער געפאלענע. קאָמאנדירן האָבן אריינ־געקוקט אין די רשימות פון די געפאלענע און אויף זייערע פּנימער האָט זיך געמאָלט צער און ווייטיק. די ידיעות וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט זענען אין שטאַב דערהאַלטן געוואָרן דורך די פאַרבינדונגס־מכשירים און דורך שטאַפּעטן, וועלכע זענען געלאָפן איבער די גאסן, פון וואנט צו וואנט, אונטערן פייער פון סנייפּערס.

די פּאטרול־זעלנער, וואָס זענען ארויס כדי צו ברענגען דעם קאָמאָנדיר פון 8־טן באַטאַליאָן אין שטאַב פון דער בריגאַדע, האָבן גאלאָפּירט אין זייערע דזשיפּן איבער די גאסן. די דזשיפּן זענען געפאָרן אין זיג־זאגן, פון איין טראָטואר צום צווייטן, איגנאָרירנדיק דעם אונטערשייד אין דער הייך צווישן דער גאַס און טראָטואר. דאָס איז געווען זייער איינציקער שאנס אויסצומיידן די קוילן פון די אראבישע סנייפּערס.

די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן זענען זיך צונויפֿגעקומען אין הויף פֿון מוזיי, וואָס איז אין יענע אָוונט־שעהן געווען די פֿעסטונג פֿון די צנחנים, אָבער א ציל פֿאַר די אָנגריפֿן פֿון לעגיאָן. די סנייפּערס אויף די אַלטשטאָט־ווענט האָבן געשאָסן אָן אויפֿהער. עס האָט זיי דערנערווירט די ישראל־פֿאָן, וואָס איז געהאָנגען אויפֿן טורעם פֿון מוזיי. האַרמאַטן־קוילן האָבן געטראָפֿן אין די פֿאַרבאַריקאַדירטע ווענט פֿון טורעם, דורכגעבראָכן די ווענט און געטראָפֿן אין די צנ־חנים, וואָס האָבן בשום אופֿן נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן די דאָזיקע פּאָזיציע, וואָס האָט געהערשט איבערן אַרום און אויף די ירושלימער מויערן.

די קאָמאַנדירן האָבן זיך אָוועקגעזעצט פּלאַנירן זייער ווייטער־דיקע אַקציע. דאָס, וואָס די באַטאַליאָנען זענען געווען מיד און נישט קאָמפּלעטירט, האָט פֿאַר זיי נישט געהאַט קיין דעצידירנדיקע באַ־דייטונג. זיי האָבן גוט פֿאַרשטאַנען, אַז די אויפֿגאַבע דאַרף פֿאַרגע־זעצט ווערן און קיינער, אויסער זיי, וועט עס נישט טאָן. אַרום 5 אַזייגער נ. מ. האָבן זיי דורכן ראַדיאָ באַקומען א באַפֿעל אַרויסצו־גיין אייננעמען דאָס בערגל אויגוסטא־וויקטאָריא. אין משך פֿון ערשטן קאַמפֿס־טאָג האָבן די לעגיאָנערן זיך פֿאַרפֿעסטיקט אויף אָט דעם בערגל, מזרחדיק פֿון ירושלים, און געפֿירט פֿון אים אַן אַרטילערישן דועל מיט דער ישראל־וואַך אויפֿן הר־הצופֿים. די לע־גיאָנערן האָבן באַשאָסן אויך די וועגן אין שטאָט, אויסנוצנדיק זיי־ער טאָפּאָגראַפֿישע לאַגע. דאָס איז געווען אַ שטאַרק־פֿאַרפֿעסטיקטע פּאָזיציע, אין וועלכער עס איז געזעסן אַ ירדנישע אָפּטיילונג. כדי צוצוקומען צו אָט דער פּאָזיציע, וואָס האָט געהערשט איבער דער אַלטשטאָט, האָבן די קעמפֿער געדאַרפֿט אַראָפּגיין אין אַ טאָל־דורכ־גאַנג, וואָס איז געווען אָפּגעדעקט פֿאַר די ירדנישע פּאָזיציעס אויף די ווענט אַרום אַלטשטאָט און אַרויפֿשטייגן אין מזרח, דורך די הינ־טערשטאָטישע קוואַרטאַלן נעבן באַרג און פֿון דאָרט שטורעמען די פּאָזיציע. די שאָסייען האָבן דערמעגלעכט א שנעלע קאָמוניקאַציע און דאָס האָט פֿאַרמיטן א לענגערן קאַמף צווישן די הייזער, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין דער שכונה וואַדי דזשוז.

די קאָמאַנדירן האָבן געהאַט בלויז א קורצע צייט, כדי נאָכצו־קוקן די מאַפּעס אין זייערע הענט, ערב דער אַטאַקע.

אויך די יעניקע, וואָס זענען געווען טויט־מיד, און די מידקייט האָט זיך גוט אָנגעזען אויף זייערע פּנימער, אויך זיי האָבן נישט געקאָנט נישט ליב האָבן ירושלים אין יענע בין־השמשות־שעהן. דאָס איז געווען דער ערשטער אָוונט אין באַפֿרייטן טייל פֿון דער שטאָט, ווען זיי האָבן געקאָנט, שטעלנדיק זיך אויף די שפּיץ פֿינ־

גער, זען ירושלים דורך די שיס־לעכער פון זייערע פּאָזיציעס און דורך די פענצטער. די ערד־ציטערניש, וואָס איז אדורך איבער דער שטאָט אייניקע שעה פריער, האָט זיך שוין כמעט איינגעשטילט. די אָפּהילכן פון סנייפּער־שאָסן, זענען געווען די איינציקע קלאַנגען, וואָס האָבן איבערגעריסן די שטילקייט אין דער שטאָט. אין די מוזיי־צימערן, אין וועלכע עס האָט שוין געהערשט א טונקלקייט, האָט „מאָטע" צוגעגרייט די גרופּע־באַפעלן אויף צו פאַרנעמען אויגוסטא־וויקטאָריא. אויף עוזיס באטאליאָן איז ארויפגעלייגט געוואָרן די עיקר־אויפגאבע. מיט דער הילף פון טאנקן און פּאטרול־דזשיפּן אונטער מיכהס אָנפירונג, האָט מען געדאַרפט, אויסנוצנדיק די אָנקומענדיקע פינצטערניש, שטורעמען די יורדנישע פּאָזיציע. אלוף הפיקוד, עוזי נרקיס, האָט מיטגעטיילט דורכן ראַדיאָ, אז צו הילף דער אַטאַקע וועט די בריגאַדע באַקומען אַ טאַנקן־אָפּטיילונג פון דער פאנצער־דיוויזיע, וואָס האָט אין דער נאכט פון קאמף און אין משך פון טאָג געקעמפט אויף דער צפונדיקער אָקס ביז די שטאָט־עקן פון ראַמאללא. דער אטאקע־פּלאַן אויף ביינאכט האָט איינגעשלאָסן אַן אָפּטיילונג פון טאנקן ווי אַ פייער־באַזע אין ראַיאָן פון מוזיי. די טאנקן זענען ארויפגעפאָרן האַרט נעבן מוזיי, צעברעקלענדיק דעם שאָסיי מיט דער שווערקייט פון זייערע קייטן און נאָך איידער דער אָוונט איז צוגעפאַלן האָבן די האַרמאַטן פון די טאנקן אָנגעהויבן שיסן אויף די ארומיקע קוואַרטאַלן און אויף דער פּאָזיציע אויגוסטא־וויקטאָריא.

אַן אנדער טאַנקן־אָפּטיילונג איז געווען באשטימט ארויפצוגיין אויפן באַרג נאָך דעם 7־טן באטאליאָן און די פּאטרול־גרופּעס. צוויי אנדערע באטאליאָנען האָבן זיך אין יענער צייט געפונען צווישן די הייזער פון שטאָט.

ארום האלב 8 אין אָוונט האָבן די טאנקן זיך געלאָזט אין וועג. נעבן די געשעפטן, לענגאויס די הייזער, קעגנאיבער דעם טויער פון מוזיי, זענען געווען טעטיק די פאנצער־איינהייטן. א טייל פון זיי האָבן זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ, צעשטערנדיק די הייזער אויפן באַרג־שיפּוע איינס נאָכן אנדערן. דער רויש פון די טאנקן האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די לעגיאָנערן אויף די אלט־שטאָט־ווענט, און זיי האָבן זיך צוגעגרייט אָפּצושלאָגן די אַטאַקע. הינטער די טאנקן האָבן זיך באוועגט די פּאטרול־דזשיפּן. אויף איינעם פון זיי איז געזעסן א דאַרער, הויכער בחור. פון זיין לינקער זייט איז אראָפּגעהאָנגען אַ מאַשין־געווער. „מאיר" — האָט ער דערהערט א שטים פון א יונגן חייל, וואָס האָט געוואָלט אים עפּעס פרעגן. דער הייזעריקער קול פון מאיר הר־ציון האָט געקלונגען

זעלבסטזיכער און בארואיקנדיק. ער האָט אויפגעקלערט דעם חייל ווי אזוי ער דאַרף ממשיך זיין זיין אויפגאבע און איז געפאָרן ווייטער, בראש פון דער קאָלאָנע. סרן מאיר הר־ציון האָט שוין אין דער פאַרגאַנגענהייט געפירט פאראשוטיסטן־איינהייטן אויף רעוואנזש־אקציעס אויף יענער זייט גרענעץ. ער האָט דאָס מאָל נישט מוותר געווען אויפן אָנטייל אין דאָזיקן היסטאָרישן קאמף.

מעגלעך, אז דאָס איז נישט געווען קיין צופאל, וואָס דווקא אָט דער מאיר, וואָס משה דיין האָט אויף אים געזאָגט, אז ער איז דער בעסטער קעמפער, וואָס איז אויפגעקומען אין ידישן פאָלק זינט בר־כוכבא, האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די כוחות, וואָס האָבן געדארפט באפרייען ירושלים אין משך פון געציילטע שעהן. דער דאָזיקער מוטיקער קעמפער איז מיט איבער עלף יאָר צוריק געלעגן ביים ארייננגאנג פון דער לעגיאָן־פאָליציי מיט אַן איבערגעשניטענעם האלדז. בלויז אייניקע מינוטן זענען אים פארבליבן צו לעבן, ווען אַ דרייסטער דאָקטאָר האָט מיט בריהשאפט אים אָפערירט מיט אַ געוויינלעכן מעסער און געראטעוועט פון טויט. מאיר הר־ציון איז אין אָט דעם קאמף ארויף אויף איינעם פון די פאטרול־דזשיפן און האָט קאַטעגאָריש זיך אָפגעזאָגט אָנצונעמען ווען עס איז אָנפירנדיקן אמט.

דער וועג פאָראויס האָט זיך געצויגן צווישן שטעכלדראָט־פארצוימונגען, וואָס האָבן זיך אין קנוילן געוואלגערט נעבן שאָסיי. א ריח פון סמאלינעס איז געקראָכן אין די נאָזלעכער. באקאנטע פייערן האָבן ווידער אויפגעלויכטן אין דער פינצטערניש פון דעטאָנאַציעס און פאָספאָריזירנדיקע קוילן. דער לעגיאָן האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט אויפגעבן. 4 דזשיפן אונטער דער קאָמאנדע פון ישי, קאָמאנדיר פון א פאטרול־אָפטיילונג, הינטער זיי — מיכה, דער קאָמאנדיר פון דער גרופע. נאָך זיי — קאָמאנדקארן און דזשיפן — זיי אלע האָבן זיך געגליטשט בארג אראָפּ, דורכשניידנדיק פאר זיך א וועג צווישן די טאנקן, וואָס האָבן פאַרנומען די וועגן. פון מאָל צו מאָל האָבן די דזשיפ־שאָפערן געמוזט ארויפקריכן אויף די טאנקן, כדי צו בעטן זייערע קאָמאנדירן אַראָפּצופאָרן און באַפרייען דעם וועג. לויטן פלאַן האָבן די טאנקן געדארפט פאָרן מיטן שאָסיי, וואָס פירט פון מוזיי אויף לינקס, אין דער ריכטונג פון אָרט, וואָס פירט צום בערגל אויגוסטא־וויקטאָריא. צוליב דער פינצטערניש און צוליבן פאַקט, וואָס די טאַנק־קאָמאַנדירן האָבן נישט געהאט קיין צייט גוט אויסצושטודירן די לופט־אויפנאמעס פון דער געגנט, איז דער ערשטער טאנק, וואָס האָט געפירט די קאָלאָנע, געפאָרן צום קרייץ־וועג, וואָס פירט אויף רעכטס צום שער האריות

אין דער אַלטשטאָט. דאָס איז געווען אַ קליינער פֿעלער צוליב וועלכן עס האָט זיך, מיט דער איניציאַטיוו פֿון די ירדנער, אַנטוויקלט אַ קאַמף, וואָס האָט געדויערט אייניקע שעה. אין גאַנג פֿון קאַמף זע־נען אומגעקומען פֿינף קעמפֿער און אַכצן זענען געוואָרן פֿאַרוווּנ־דעט. עס זענען אויך דערהרגעט געוואָרן 2 חיילים פֿון דער פֿאַנצער־אָפּטיילונג אין אַ טאַנק, וואָס איז אויפֿגעריסן געוואָרן.

מיכה, וועלכער האָט באַמערקט דעם טעות, האָט פֿאַראָרדנט ישין אָפּצוּוושטעלן די קאָלאָנע, אָבער ער האָט פֿאַרשפּעטיקט. פּלוצ־לונג איז דער גאַנצער שטח באַלויכטן געוואָרן דורך לייכט־באָמ־בעס. די מויער און דער פּלאַץ אַרום פּלאַץ קרייץ־וועג איז באַלויכטן גע־וואָרן פּונקט ווי בייטאָג. די לעגיאָנערן האָבן געעפֿנט אַ פֿייער פֿון אַלע מינים געווער, וואָס זענען געווען אין זייער רשות: האַרמאַטן, מאַשין־געווער, מינע־וואַרפֿערס און באַזוקעס. דער פֿייער איז גע־גאַנגען פֿון צוויי ריכטונגען: פֿון די פּאָזיציעס אויף די מויערן אין מערב און פֿון ראַיאָן פֿון דער קירכע „אַלע פֿעלקער" אין מזרח. די חיילים זענען אַריינגעפֿאַלן אין אַ שטאַרקן קרייץ־פֿייער אויפֿן בריק איבערן שאָסיי. ישי האָט באַפֿוילן דעם שאָפֿער זיך אויס־דרייען און זיך צוריקציען. בעת דעם פּרווו זיך אויסצודרייען האָבן זיי פּלוצים באַמערקט אַ טאַנק, וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט און אויך ער האָט געמאַכט באַמיאונגען זיך אויסצוקערעווען אויף צוריק. דערביי האָט דער טאַנק זיך אַראָפּגעקייקלט פֿון ערד־אָנשיט, צע־בראָכן דעם פּאַרענטש פֿון בריק און איבערדרייענדיק זיך אין דער לופֿט אַראָפּגעפֿאַלן אין תהום. די קעמפֿער אין טאַנק זענען פֿאַר־וווּנדעטע אַרויסגעקראָכן פֿון אים און געבליבן ליגן אונטער דער בריק ביז אינדערפֿרי.

פֿון דעם ערשטן ירדנישן פֿייער־זאַלפּ זענען פֿאַרוווּנדעט גע־וואָרן אייניקע קעמפֿער, וואָס זענען געזעסן אין די דזשיפּן. דער דזשיפּ, אין וועלכן עס איז געפֿאָרן ישי, איז אַריינגעפֿאַלן אין צענ־טער פֿון פֿייער. ער האָט זיך אַרויסגעריסן מיטן שאָסיי פֿאָרויס, אָבער אין אים זענען שוין געלעגן איין דערהרגעטער קעמפֿער און צוויי פֿאַרוווּנדעטע, באַגאָסן מיט בלוט. צווישן די פֿאַרוווּנדעטע איז אויך געווען דער קאָמאַנדיר. אייניקע מינוטן פֿאַר דעם איז דאָס געווען אַ קאַמפּס־דזשיפּ אין פֿולער אויסשטאַטונג. איצט איז ער געווען אַ פֿאַרסמאַליעטער, רויכערנדיקער אויטאָ, פֿון וועלכן עס האָבן זיך געגאָסן שניירלעך בלוט. דער טויט האָט אויך נישט אויסגעמיטן די חיילים אין אַנדערע דריי דזשיפּן, וועלכע זענען געבליבן שטיין נישט קאָנענדיק אַנטרינען און זענען געווען אויס־געשטעלט אויפֿן דירעקטן פֿייער פֿון די אַלטשטאָט־מויערן. קעמפֿער,

וואָס זענען נישט געטראָפן געוואָרן, האָבן פיבערהאַפט געזוכט אַ דעקונג און שפּעטער אָנגעהויבן צו ענטפערן מיט פייער.

מיכה האָט פאַראָרדנט זיינע מענטשן צו פאַראַליזירן דעם פייער פון פיינט, כדי אַרויסצושלעפּן די פאַרווונדעטע, וואָס זענען געלעגן אויפן אַספאַלט איבערן בריק. גלייכצייטיק האָט „מאָטע" מיטגע־טיילט וועגן אָט דעם אינצידענט און געבעטן צוהילף טאַנקן. כדי צו דערגיין צו די פאַרווונדעטע האָבן די קעמפער געמוזט דורכגיין אַן אָפּגעדעקטן שטח, וואָס איז פולשטענדיק געווען אונטער דער שליטה פון די ירדנער. מיכה האָט פאַראָרדנט איינעם פון זיינע קעמפער, וואָס האָט געהאַט א גראַנאַט־וואַרפער, צו שיסן אויפן מקור פון ירדנישן פייער. אָבער ווען ער האָט אויסגעשאָסן דעם ערשטן גראַנאַט, האָבן די ירדנער אַנטדעקט זיין פּאָזיציע און אויס־געשאָסן אין אים א באַזוקע־שראַפּנעל. נאָך אַ טאַנק, וואָס איז אַריינגעפאָרן אין דעם ראַיאָן, כדי צו פאַראַליזירן די ירדנישע פּאָ־זיציע, איז געטראָפן געוואָרן דירעקט דורך א שראַפּנעל און האָט אויפגעריסן. דער טאַנק, אין וועלכן דער שאָפער איז געטויט גע־וואָרן, איז געפאָרן פון זיך אַליין און אַרויף אויף א דזשיפּ, אים צעדריקנדיק פולשטענדיק. דאָס פייער, וואָס איז אויסגעבראָכן אין טאַנק, האָט אונטערגעצונדן די אַמוניציע־קעסטלעך אין אים און די קוילן האָבן אָנגעהויבן אויפרייסן מיט שרעקלעכע דונערס. שטי־קער שטאָל האָבן אָנגעהויבן פליען אין אַלע זייטן. נאָך א טאַנק, וואָס איז געקומען העלפן, איז געווען געצווונגען זיך צוריקצוציען, נאָכדעם ווי אַ שראַפּנעל האָט געטראָפן אין זיין טורעם. דער פּרווו פון די חיילים זיך צו באַוועגן אונטער דער שוץ פון די שטאָלענע קערפּערס און דערגיין צו די פאַרווונדעטע און גוססדיקע, האָט זיך נישט איינגעגעבן. בלית ברירה האָבן זיי געפּרווט אויסנוצן די קליינע איבעררייסן פון פייער, כדי צו דערגיין צו די פאַרווונדעטע. זיי האָבן געציילט די סעקונדעס צווישן איין פייער־סעריע און דער צווייטער און זיך געלאָזט מיט שנעלע זיג־זאַג־שפּרונגען צו די פאַרווונדעטע. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, אָבער די טראַדיציע, אַז מען איז נישט מפקיר קיין פאַרווונדעטן חבר, האָט גובר געווען די קאַלטע לאָגיק אין יענע מינוטן פון שרעקלעכן קאַמף. נאָר דער, וואָס האָט געזען און איבערגעלעבט די גרוילן, ווי די פלאַמען האָבן באַלויכטן די פאַרווונדעטע, ווי זיי דרייען זיך אין יסורים אויף דער ערד, אָפּגעדעקט פאַר די קוילן פון שונא, נאָר דער, וואָס האָט עס געזען, קאָן איבערגעבן וועגן דעם אמתן קאַמף פאַר ירושלים.

נאָך צוויי שעה פון אומגעלונגענע באַמיאונגען צו דערגיין צו

די פאַרוווּנדעטע, וואָס זענען געלעגן נעבן אַ פאַרויכערטן טאַנק, איז געלונגען דריי פּאַטרול־זעלנער צוצוקומען צו זיי. צווישן די דריי איז אויך געווען סרן יעקב עילם. זיי האָבן אַראָפּגענומען פון די פאַרוווּנדעטע זייערע קאָמפּאַס־גורטן, זיי אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויף דער וואַנט פון בריק און זיי געפירט לענגאויס דעם וועג. צום שלימזל זענען צוויי פון די רעטער אויך געטראָפן געוואָרן פון שווערן פייער, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געשאָטן אויפן ראַיאָן. צום ערשטן מאָל האָט סרן עילם באַרואיקט די פאַרוווּנדעטע, וואָס ער האָט געפונען און זיי אַרויסגעשלעפּט פון פייער. צום צווייטן מאָל איז דער אָפיציר פאַרבליבן מיט דריי פאַרוווּנדעטע, וואָס זענען געלעגן נעבן בריק, און דאָרט האָט אויך ער געפונען זיין טויט. דער קאָמאַנדיר מיכה, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע זעלבסטמאָרד־פּרווון ביים ראַטעווען די פאַרוווּנדעטע וועלן גורם זיין ווייטערדיקע קרבנות צווישן די קעמפער, איז אַליין אַראָפּ־געקומען צו דער „בריק פון טויט", אָבער ער האָט שוין נישט גע־פונען קיין איין לעבעדיקן קעמפער. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער בריק און זיך צוריקגעקערט צו זיינע מענטשן.

אין גאַנג פון קאַמף אַרום אַ ווינקל־מויער, האָבן די אָבסערוואַ־טאָרן פון אויסשפּיר־דינסט מיטגעטיילט פון פאַרשידענע פּונקטן, אַז אַ פאַנצער־כוח באַוועגט זיך אין דער ריכטונג פון ירושלימער ראַיאָן. די ירדנישע טאַנקן זענען אַנטדעקט געוואָרן אויף אַ מהלך פון אַ שעה פאָרן פון דער קאָמפּאָס־אַרענע. די אויסשפּירער האָבן פעסטגעשטעלט אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן „פּאַטאָן"־טאַנקן, וואָס די ירדנער האָבן אַריינגעפירט אין אַקציע, ווי א פאַרצווייפלטן פּרווו צו פאַרמיידן דעם פולשטענדיקן צוזאַמענברוך פון זייער פראָנט. עס האָט שוין נישט געהאַט קיין זינען פאַרצוזעצן די אַטאַקע אויף אוגוסטאַ־וויקטאָריאַ אין אָט די געשאַפענע באַדינ־גונגען. די צנחנים האָבן דעריבער זיך פאַרבאַריקאַדירט אין די הייזער פון דער שטאָט און זיך געגרייט אָפּצושלאָגן די קאָנטער־אַטאַקע פון ירדנישן פאַנצער־מיליטער. הינטער די הייזער פון שטאָט איז די דאָזיקע אויפגאַבע געווען אַ פיל לייכטערע ווי פון אוגוסטאַ־וויקטאָריאַ.

די עראָפּלאַנען פון חיל אויר האָבן אין צווישן אָנגעהויבן אָנ־גרייפן די „פּאַטאָנען". פאַקטיש איז דאָס געווען דער סוף פון דער נאַכט־אַטאַקע, ווייל מ'האָט באַשלאָסן די ווייטערדיקע אַטאַקע אָפּצולייגן ביז פאַרטאָג. די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן איז פאַראָרדנט געוואָרן צוצוגרייטן זייערע איינהייטן צו דער מעגלעכקייט פון אַ קאַמף מיט טאַנקן.

אין אַ טונקעלן צימער אין מוזיי איז פּאַרגעקומען אַ באַראַטונג פון די קאָמאַנדירן. אַלע זענען זיי געווען מיד און שלעפעריק. „מאָטע״ האָט זיך אָנגעשטרענגט צו שילדערן דעם מצב, אָבער ער האָט נאָך יעדע פּאָר זאַצן זיך געמוזט אָפּרוען. אין דער פּויזע, פלעגט זיין קאָפּ זיך נישט ווילנדיק אַראָפּלאָזן און די אויגן פלעגן זיך אים צומאַכן, כדי אריינצוכאַפּן אַ דרימל. אויך די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן זענען געווען טויט־מיד. איינער פלעגט שטעלן אַ פראַגע און גלייך באַקומען דעם ענטפער, אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אין וואַנט און איינדרימלען. אָט אויף אַזאַ אופן האָט זיך געפירט די באַראַטונג. פון מאָל צו מאָל פלעגט איינער פון די קאָמאַנדירן אויפוואכן פון דרימל א קוק געבן אויף זיינע חברים און ווידער אַריינפאַלן אין אַן אומרואיקן שלאָף.

אין דער זעלבער צייט האָבן די מידע און אויסגעמאַטערטע קעמפער זיך פאַרפעסטיקט אויף פּאָזיציעס אין די הייזער. פון צייט צו צייט פלעגט דאָ איינער, דאָ אַן אַנדערער חייל אַרויסקוקן אין דרויסן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, אַז זיי געפינען זיך טאַקע אין אַן אנדער שטאָט, אין פרעמדע הייזער. אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעזעצט עסן ביי די טישן אויף וועלכע עס האָבן, נישט לאַנג צוריק, ירדנישע איינוווינער געגעסן זייער לעצטן אָוונט־ברויט. אויף די ווענט זענען געהאָנגען בילדער אין מזרח־סטיל — שטומע עדות פון די משפחות וואָס זענען פון דאַנען אַנטלאָפן, אויס מורא פאר זייער לעבן.

אין דער נאַכט האָבן זיך פלוצים געגומען ווייזן די אַרטיקע אַראַבישע איינוווינער. זיי זענען אַרויסגעקראָכן פון די קעלערס, גריבער, פון אונטער די בריקן. אַ טייל זענען אַריין מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פנים און גלייך גענומען צוגרייטן אין קיך קאַפע פאַר די חיילים. עס איז זיי שווער געווען צו פאַרדייען דעם פאַקט, וואָס קיינער האָט נישט בדעה זיי שלעכטס צו טאָן. נאָך מער, די צנחנים האָבן זיי געבעטן זיך נישט מטריח זיין און זיך פאַרנעמען מיט זייערע אייגענע ענינים. אויף דער גאַס צלאַח אַ־דין, אויף דער גאַס שכם, אין די גאַסן וואָס פירן צום מוזיי, אויפן דאַך פון דער פּאָליציי־שול, ווו די ירדנער האָבן געהאַט זייערע פּאָזיציעס, האָבן זיך איצט אַרומגעדרייט חיילים פונקט ווי ביי זיך אין דער היים. דאָס איז געווען איינע פון די טונקעלע ירושלימער נעכט. די שוואַרצקייט פון דער נאַכט, וואָס איז אַריינגעפאלן אין טונקל־בלוי, איז געלעגן אויף די העל־ווייסע שטיינער פון די שטאָטישע הייזער. אַ סך קעמפער זענען איינגעשלאָפן ווי נאָר זיי האָבן פאַרענדיקט זייער וואַך־דינסט אָבער עס זענען געווען אויך אַזעלכע,

וואָס זענען נאָך די קאַמפן געזעסן אויף די דעכער און שטיל זיך אונטערגעזונגען ישראלדיקע לידער.

די פּאָזיציע אוגוסטאַ־וויקטאָריאַ האָט געברענט. דער הר־הצופים, וואָס איז געווען אַן „אייביקער" אינדזל פון מדינת ישראל אין ירדן, און איז שוין אין די מיטאָג־שעהן געוואָרן אן אינטעגראַ־לער טייל פון דער מדינה, איז געלעגן איינגעהילט אין פינצטערניש. די ירושלימער איינוווינער, וועלכע האָבן זיך דאָס רוב געפונען אין די שוץ־קעלערן, האָבן נישט געאַנט, וואָס עס וועט זיי ברענ־גען דער מאָרגנדיקער טאָג. די קעמפער פון דער ירושלימער ברי־גאַדע און פון דער פּאַנצער־דיוויזיע זענען געשטאַנען אויף זייערע ערטער, גרייט זיך אַ ריס צו טאָן פאָרויס, אויסנוצן זייער דער־גרייכטן דערפאָלג אין קאַמף און דערגיין ביזן ירדן־טייך.

אַ טייל לעגיאָנערן האָבן אין געהיים פאַרלאָזט זייערע פּאָ־זיציעס. זייערע שלייכנדיקע שאָטנס האָט מען געזען, ווען זיי זענען אַריבער די פאַרצוימונגען און זיך געלאָזט מזרחדיק פון ירדן־טייך. זיי זענען געגאַנגען צופוס אויס מורא פאַר די ישראלדיקע עראָ־פלאַנען. אויך די פּאָזיציעס אויף די ירושלימער מויערן האָבן אַ סך לעגיאָנערן פאַרלאָזט אויסנוצנדיק די פינצטערניש. אין די דאָזיקע שעהן האָט דער לעגיאָן זיך נישט געניטיקט אין קיין אויס־שפיר־דינסט. יעדער איינער פון זיי האָט געוווסט, אַז אין דער פרי וועלן די יידן זיך לאָזן צו דער אַלט־שטאָט, וועלן איינעמען אירע מויערן פאַר יעדן פּרייז און קיינער וועט זיי נישט קאָנען פאַרהאַלטן אויף זייער וועג צו יענעם אָרט, ווו עס איז געשטאַנען זייער בית המקדש.

די צנחנים האָבן נאָך באַוויזן אַריינצוכאַפּן אַ פּאָר שעה שלאָף, איידער זיי זענען קאַיאָר אויפגעשטאַנען צו זייער היסטאָרישן טאָג.

# דער הר הבית אין מיינע הענט

שטיל האָט אויפגעלויכטן דער פרימאָרגן, עס האָט כלומרשט אויסגעזען, ווי די מלחמה וואָלט זיך פאַרענדיקט. די געשעפטן זענען געווען פאַרמאַכט און פאַריגלט. די גאַסן טויט. בלויז די צנחנים זענען אַרומגעגאַנגען איבער זיי, שאַרנדיק זיך האַרט ביי די ווענט. פון צייט צו צייט פלעגט אַ דזשיפּ דורכגאַלאָפּירן די גאַס אין געפּערלעכע זיג־זאַגן און פאַרשווינדן. די מורא צו ווערן אַ ציל פאַר די קוילן פון די סנייפּערס, וועלכע זענען נאָך אַלץ געלעגן אויף די מויערן און געזוכט אַ קרבן, איז נאָך נישט פאַרשוווּנדן.

אין די ערשטע פרימאָרגן־שעהן האָט מאיר הר־ציון און מיכה קאַפּוסטאַ באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון דיוויזיע־קאָמאַנדיר אַרויפ־צוגיין אויפן הר הצופים, באַקומען ידיעות וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אויפן שטח וואָס טיילט אָפּ דעם באַרג פון דער פּאָזיציע אוגוסטא־וויקטאָריאַ. די דזשיפּן פון די אויסשפּיר־איינהייטן זענען שנעל געפאָרן אויפן וועג וואָס איז שוין פולשטענדיק געווען אַ ישראלדיקער. דאָרט, אויפן שפּיץ פון הר הצופים, האָט זיך פאַר זייערע אויגן אויסגעשפּרייט די לאַנדשאַפט פון גאַנץ ירושלים, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט זיך אָנצוזעטיקן מיט אָט דעם אויסבליק. בעת דעם איילקן פּרישטיק — שטיקלעך ברויט באַשמירט מיט מאַרגאַרין — דער ערשטער זינט צוויי טעג, האָבן זיי געהערט פון קאָמאַנדיר איבערן באַרג פּרטים, וואָס זענען זיי נויטיק געווען פאַר דער פרימאָרגנדיקער אַטאַקע. דער בריגאַדע־שטאַב איז אַריבער פון מוזיי־הויף אין אַ דערנעבנדיקן הויז, ווייל פון דער וועראַנדע האָט מען געקענט אָבסערווירן די קאַמפּס־אַרענע. בעת אַריבערגיין פון מוזיי־הויף אויף דעם נייעם אָרט, זענען אין מוזיי געפאַלן אייניקע שראַפּנעלן פון מינע־וואַרפערס, וועלכע האָבן באַשעדיקט דעם שוין אַזוי אויך צעקרישלטן הויף און די אַנטיקע סקולפּטורן. דער הויף איז אָבער אויך געוואָרן דער בית־הקברות פאַר אייניקע צנחנים, וועלכע עס איז נישט געלונגען באַצייטנס צו אַנטרינען אין די פאַרבאַריקאַדירטע צימערן. שוין פון ערשטן שראַפּנעל איז געטראָפן געוואָרן אַ צנחן. זיינער אַ חבר, וואָס האָט

געאיילט אים צוהילף, איז אַריינגעפאַלן אין אַ פייער־פּאַסטקע.
אויך אַנדערע צנחנים זענען געטראָפן געוואָרן און די טויטע קער־פּערס זענען געבליבן ליגן אויפן שטיינערנעם הויף. צווישן זיי איז אויך געווען דער סאַניטאַר נתן שעכטער, אַ סטודענט פון מעדיצין, וואָס איז אָנגעקומען אין טאָג פון דער מלחמה פון איטאַליע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער דיוויזיע נישט געזעגענענדיק זיך אפילו מיט זיינע עלטערן. די ירדנישע שראַפּנעלן האָבן אויך נישט אויסגעמיטן איינציקע געפאַנגענע זעלנער פון לעגיאָן, וועלכע זענען געהאַלטן געוואָרן אין אַ ווינקל פון הויף.

אין נייעם אָרט פון שטאַב איז די באַלעבאָסטע געווען אַן עלטערע פרוי, אַ געבוירענע פון רוסלאַנד. זי האָט צוגעגרייט קאַפע פאַר די קאָמאַנדירן, בעת זיי האָבן אויסגעאַרבעט זייערע היס־טאָרישע פּלענער אויף צו דעראָבערן די אַלט־שטאָט. אין מיטן פון די באַראַטונגען, האָט מען געבראַכט זיבן אַנטוואָפנטע לעגיאָנערן, וועלכע זענען געלעגן באַהאַלטן אויפן בוידעם פון זעלבן הויז. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן זייער געמיט, בעתן ליגן אַ גאַנצע נאַכט באַהאַלטן אויף אַ קליינעם בוידעמל אין דער צייט וואָס אונטער זיי זענען געשלאָפן ישראלדיקע פּאַראַשוטיסטן. בלויז דריי מעטער האָט זיי אָפּגעטיילט פון די פּאַראַשוטיסטן. די לעגיאָנערן זענען געלעגן אויפן בוידעמל צונויפגעקוועטשט און מורא געהאָט זיך אַ ריר צו טון. עס איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן צו ווערן זיך דורכרייסן מיט געווער אין האַנט.

א יונגע חיילת האָט אין צווישן אַריינגעבראַכט קאַפע. אין צימער זענען געלעגן אָנגעוואַלגערט מאַפּעס און געווער, צווישן דעם אויך דאָס געווער וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי די געפאַנ־גענע אָדער דערהרגעטע לעגיאָנערן.

אין שטאַב, דורך די ראַדיאָ־פאַרבינדונגס־מכשירים, האָבן אַלץ אָפטער אָנגעהויבן צו קומען ידיעות און באַפעלן. אלוף נרקיס האָט פון ירושלימער שטאַב געפאָדערט אַ שנעלע און ענערגישע אַקציע. דער פּאָליטישער זאַמד־זייגער איז שנעל אויסגעגאַנגען — דאָס האָט מען אים געמאָלדן פון גענעראַל־שטאַב אויף אַן איינדייטיקן אופן — און עס איז געווען נויטווענדיק אויסנוצן אָן שהיות די געציילטע שעהן, וואָס זענען פאַרבליבן ביזן פייער־איבעררייס. סיי די קאָמאַנדירן און סיי די חיילים איז געווען קלאָר, אַז אַלט־ירושלים וועט דאָס מאָל נישט בלייבן אין פרעמדע הענט. „מאָטע״ האָט דעם ענין אויפגעקלערט פאַר די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן מיט דער געהעריקער תקיפות.

פונקט 6 אין דער פרי איז דערהאַלטן געוואָרן פון שטאַב דער

באַפעל זיך לאָזן אין וועג. אויף דער דיוויזיע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע זיך צו פאַראייניקן מיטן הר הצופים, איינ־נעמען אוגוסטאַ־וויקטאָריאַ, דעם בערגל אַ־טור, אבו דיס, דעם קרייצוועג עזריה — און די אַלט־שטאָט. דער אָנהויב פון אָנגריף איז באַשטימט געוואָרן אויף 08.30 אַזייגער. „מאָטע" האָט צוגע־גרייט די לעצטע גרופע־באַפעלן פאַרן אַרויסגיין צו דער אויפ־גאַבע. די באַפעלן, וועלכע פלעגן געוויינטלעך איבערגעגעבן ווערן די קאָמאַנדירן אין א פראָפעסיאָנעל־מיליטערישער, טרוקענער שפּראַך, האָבן דאָס מאָל געטראָגן אַ פייערלעכן כאַראַקטער. די קאָמאַנדירן, אויסגעמאַטערטע פון נישט דערשלאָפענע נעכט און פון אַ טאָג פון שווערע קאַמפן, האָבן געפילט, אַז זיי שטייען פאַר אַ היסטאָרישער אויפגאַבע. קיינער פון זיי האָט נאָך דערוויייל נישט אַרויסגעוויזן, וואָס עס טוט זיך ביי זיי אין האַרצן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע און געהאָפט, אַז אַלע וועלן זיי דערגיין צו די טויערן פון דער שטאָט.

די אויפגאַבע אַרויפצוגיין אויפן הר הצופים און דעראָבערן די פּאָזיציע אוגוסטאַ־וויקטאָריאַ איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן 6־טן באַטאַליאָן. גלייכצייטיק האָט דער 7־טער באַטאַליאָן געדאַרפט ארויס־גיין דורך גיא־בן־הינום צו די פּאָזיציעס אויפן שפּיץ בערגל, פון דער מערב־זייט. אַ טאַנק־אָפּטיילונג איז באַשטימט געוואָרן צו געבן הילף די באַטאַליאָנען דורך אַ פייער־צוגרייטונג פון זייערע האַרמאַטן ווי אויך, צו דינען טיילווייז, אלס שפּיצן־קאָפּ פאר דעם 7־טן באַ־טאליאָן, וואָס וועט אטאקירן די פּאָזיציעס. די פּאטרול־זעלנער, וועל־כע האָבן גאַלאָפּירט אויף זייערע לייכטע דזשיפּן, איז פאראָרדנט געוואָרן איינצונעמען א־טור און פאַרצוימען דעם קרייצוועג עזריה פאר ירדנישע פארשטאַרקונגען. דער 8־טער באטאליאָן, וואָס האָט אין משך פון פארגאנגענעם מעת־לעת געהאָט צו טאָן מיט די סניי־פּערס אויף די מויערן פון אַלטשטאָט, האָט באַקומען די אויפגאַבע זיך אריינצורייסן דער ערשטער אין שטאָט. די פּאָר שעה, וואָס זענען נאָך פארבליבן ביז צום אָנהייבן די אטאקע, ביז דער רגע, ווען אונדזערע עראָפּלאַנען וועלן אָנהויבן צו באָמבארדירן די ירדנישע פּאָזיציעס, זענען געווען די סאמע לענגסטע שעהן פון אָט דעם קאמפּס־טאָג. די פאראשוטיסטן זענען געווען גרייט אין זייערע פּאָזי־ציעס, געשפּאנטע און אומרואיקע האָבן זיי געווארט אויף דער שעה פון גרויסן טאָג.

די עראָפּלאַנען פון חיל אויר, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פּיקע־טירן, איינער נאָכן אַנדערן און באָמבארדירן די פּאָזיציעס פון לעג־יאָן, זענען אויפגענומען געוואָרן דורך די צנחנים מיט גרענעצלאָזער

התפעלות. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון מאַכן פריידיקע אויסרופן און אייניקע האָבן זיך אפילו נישט געשעמט צו פּאַטשן בראַוואָ. אַ רויך איז אויפגעגאַנגען פון די ירדנישע פּאָזיציעס. אין דעם מאָמענט האָבן די באַטאַליאָנען זיך געלאָזט לויפן אויספירן זייערע קאַמפּס־אויפגאַבן.

דער 6־טער באַטאַליאָן האָט אָנגעהויבן ארויפגיין אויפן הר הצופים. זינט 19 יאָר זענען אויף אים נישט ארויף אזוי פיל „ישראל־דיקע בירגער". אין דער זעלבער צייט זענען די קעמפער פון 7־טן באַטאַליאָן אראָפּ צום גיא־בן־הינום. די קעמפער פון 8־טן באַטאַליאָן, וועמען עס איז געגעבן געוואָרן דער זכות די ערשטע זיך אַריינצור־רייסן אין טויער פון אַלטשטאָט, זענען געשטאַנען אויפן וועג, לענג־אויס די אלטע ווענט און געוואַרט אויפן מאָמענט פון דורכברוך. ערשט איצט האָט זיך אַנטפּלעקט דער פּלאַם, וואָס האָט געברענט אין די הערצער פון די קאָמאַנדירן. „מאָטע" האָט געהייסן זיינע שטאַב־אָפיצירן אַריינצוגיין אין דער טאַנקעטקע פון דער קאָמאַנד־שאַפט. זיי האָבן אָנגעהויבן שנעל צו פאָרן דורך דעם אָפּגערייניקטן שאָסיי, אונטער די קוילן, וואָס זענען נאָך געפלויגן איבער די גאַסן פון אלע ריכטונגען. זיי זענען געפאָרן צום בערגל, וואָס ליגט צו־פוסנס פון האָטעל „קאָנטינענטאַל". דאָרט האָבן זיך שוין געפונען די דזשיפּן פון די פּאַטרול־איינהייטן, מיט זייער מאַשין־געווער געווענ־דעט אויף די הייזער, פון וועלכע מען האָט געקאָנט דערוואַרטן אַ ווידערשטאַנד. דער 6־טער באַטאַליאָן האָט פון זיינע פּאָזיציעס צווישן הר הצופים און אוגוסטא־וויקטאָריא אָנגעהויבן איצט די אַטאַקע.

דער אָנגריף איז געפירט געוואָרן זייער שנעל, ווייל די קאָמאַנ־דירן איז נאָר וואָס באַקאַנט געוואָרן, אז כוסיין, דער קעניג פון ירדן, האָט באַפוילן זיינע זעלנער אין ראַיאָן פון דער שטאָט ירושלים, צו פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס און אָפּטרעטן. א טאַנק, וואָס איז געפאָרן פאָראויס כדי צו העלפן די אָנגרייפנדיקע כוחות, איז ארויף אויף אַ מינע. אויך א צווייטער טאַנק, וואָס איז געפאָרן נאָך אים, איז ארויף אויף א מינע. פלוצים האָט זיך דערהערט א סעריע פון אַן אויטאָמאַט פון אן אומבאַקאַנטער פּאָזיציע. איין קויל האָט געטראָפן דעם איינהייט־קאָמאַנדיר גיורא אשכנזי אין שטערן און ער איז דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט. ער איז געווען דער איינציקער קרבן אין קאַמף פאַר אויגוסטא־וויקטאָריא. זיין טויט האָט פאַרטונקלט די שמחה פון די חיילים, נאָכן דעראָבערן דעם בערגל. פון הינטער די אָנגרייפנדיקע חיילים האָבן די חיילים אויפן הר הצופים, געשאָסן פון זייערע מאַשין־געוועהרן אָן אויפהער. דאָס האָבן זיי געשאָסן פון גרויס שמחה און עס איז שווער געווען זיי צו באַרואיקן.

אין רעכטן פלאנק פון 6־טן באטאליאָן איז פלוצעם אנטדעקט געוואָרן א פוסגייער־כוח, גרייט צו אן אטאקע. צוערשט האָבן די קאָמאַנדירן געמיינט, אז דאָס איז א ירדנישער כוח, וואָס וויל אונטערנעמען אַ קאָנטער־אטאקע, אָבער דורך זייערע פעלד־לאָרנעטן האָבן זיי גלייך פעסטגעשטעלט, לויט זייערע העלמען, אַז דאָס זענען קעמפער פון 7־טן באַטאַליאָן. דאָס פייער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און די חיילים האָבן אָנגעהויבן אָפּצורייניקן די הייזער.

אין בנין פון שפּיטאָל אוגוסטא־וויקטאָריא, וואָס האָט לאנגע יאָרן אויסגעזען ווי אַ פעסטונג, וואָס איז נישט מעגלעך איינצונעמען און וואָס אירע פּאָזיציעס האָבן גורם געווען אַ סך פאַרלוסטן, האָבן זיך איצט אַרומגעדרייט צנחנים. אין קעלער פון שפּיטאָל איז געפונען געוואָרן דער מעדיצינישער און אַדמיניסטראַטיווער פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל, איבער 200 פּערזאָן. די צנחנים האָבן דורכגעפירט אַ קורצע קאָנטראָל, כדי פעסטצושטעלן צי עס זענען צווישן זיי נישט פאַראַן קיין לעגיאָנערן. אייניקע זענען טאקע געפונען געוואָרן. זיי זענען געווען פאַרבאַנדאַזשירט, אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען בכלל נישט פאַרוואונדעט און די באנדאזשן האָבן זיי זיך אליין אָנגע־טאָן, אַלס קאָמופלאַזש, אָנצוגיין פאַר פאַרוואונדעטע און קאָנען שפּע־טער אנטלויפן פון געפאַנגענשאַפט. „מאָטעס" טאַנקעטקע איז אין דער צייט געשטאַנען נעבן האָטעל „קאָנטינענטאַל" אויפן הר הזיתים. זיינע שטאַבס־אָפיצירן זענען געזעסן נעבן אים אויף אַ זאַמד־אָנשיט נעבן שאָסיי. ירושלים איז געלעגן אויסגעשפּרייט פאַר זייערע פיס.

די שטאָט צווישן די בערג, אירע ווייסע שטיין־הייזער, די אייל־בירטן־וועלדלעך, די אוראלטע גרויע מויער אַרום איר — דאָס אלץ איז געלעגן איינגעדעקט אין לייכטן, פרימאָרגנדיקן נעפּל, וואָס האָט זיך געהויבן פון די טאָלן. עס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי די שכינה וואָלט פאַרשפּרייט אירע פליגלען אויף אָט דער אַלטער שטאָט. די שטאָט פון גאָט, וואָס האָט זיך איצט געפונען אַזוי נאָענט, מיטן האַנט אָנצורירן. דער גאָלדענער קופּאָל אויפן עומר־מעטשעט האָט שעמערירט מיט ליכט־פונקען, ווען די זון־שטראַלן פון מזרח האָבן אויף אים אויפגעשיינט. די גאָלדענע ליכט־פונקען האָבן זיך אויס־געמישט מיט דעם זילבערנעם גלימער פון דעם קופּאָל אויף דער קירכע פון קבר. פון דאַנען האָט מען געקאָנט זען בלויז אַ ווינקל פון כותל המערבי.

„מאָטע" האָט גענומען אין האַנט דעם פאַרבינדונגס־מכשיר. אַ קורצע ווײַלע האָט ער געשוויגן און דאַן האָט ער מיט אַ ציר־טערנדיקן קול אויסגערופן:

„צו די קאָמאַנדירן פון די באַטאַליאָנען. מיר גייען אַרויף צו דער אַלט־שטאָט, אויפן הר הבית, צום כותל המערבי. אין די טויזנטער יאָרן פון זיין געשיכטע האָט דאָס יידישע פאָלק מתפלל געווען צו אָט דער איצטיקער שעה. ישראל דערוואַרט אונדזער נצחון. גייט און זייט מצליח". אַלע האָבן געהערט ווי זיין רואיקע און זיכערע שטים האָט אַ ביסל געציטערט, ווען ער האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, אָבער פון די ראַדיאָ־פאַרבינדונגס־מכשירים איז נישט געקומען קיין ענטפער. קיינער האָט נישט באַשטעטיקט דעם באַקומענעם באַפעל. זיי האָבן דעם באַפעל געהאַט אין די טיפענישן פון זייערע הערצער.

איצט איז בלויז געבליבן צו וואַרטן, אַז די באַטאַליאָנען זאָלן זיך דורכרייסן דורך די טויערן פון שטאָט, אָבער נישט אַזוי איז עס געווען. אין האַרץ פון דיוויזיע־קאָמאַנדיר האָט פון אין דער פרי געברענט אַ פייער און נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון פון דעם וואָס ער טוט, האָט ער געבעטן זיינע שטאַב־מיטאַרבעטער אַריינצוגיין אין דער טאַנקעטקע. ער גופא איז אַריין אין דער קאַבינע פון שאָפער און אים געהייסן פאָרן פאָרויס. די טאַנקעטקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שאָסיי און גענומען פאָרן מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט. די האַרמאַטן־באַטערייעס פון די צנחנים האָבן נאָך באַשאָסן דעם מוסולמענישן קוואַרטאַל, וואָס איז געווען פולשטענדיק איינגעהילט אין רויך. אויפן וועג, וואָס פירט צום שער האריות, איבערן בריק, זענען זיי פאַרבייגעפאָרן דעם פאַרקוילטן טאַנק, וואָס איז געטראָפן געוואָרן די פאַרגאַנגענע נאַכט. נעבן טאַנק זענען געלעגן דריי טויטע חיילים. די טאַנקעטקע האָט פאַרגעזעצט איר ווילדן גאַנג פאָרויס, אויסמיידנדיק די טאַנקען אונטער זייערע לופעס. די טאַנקען האָבן אָן אויפהער באַשאָסן די מויערן, הינטער וועלכע עס זענען נאָך געלעגן באַהאַלטן לעגיאָנערן און סנייפּערס. די טאַנקעטקע איז פאַרבייגעפאָרן אַ ברענענדיקן אויטאָ, און די היץ איז אַזש דערגאַנגען צו די צנחנים אין איר. מיטן גאַנצן אימפעט איז די טאַנקעטקע אַריינגעפאָרן אין שער האריות. דער אייזערנער טויער האָט זיך אָפּגעריסן פון זיינע זאַוויאַסעס און די טאַנקעטקע האָט זיך פאַרהאַלטן אין געסל „וויאַ דאָלאָראָזאַ", דער וועג, וואָס האָט אָבער דאָס מאָל סימבאָליזירט דעם יסורים־וועג פון די צנחנים ביזן אָנקומען אין אָט דער שטאָט. נעבן טויער איז דאָן געשען אַן אויסטערלישע זאַך. די צנחנים זענען ווי אַריינגעפאַלן אין אַ טראַנס און גענומען לויפן דורכן אויפגעריסענעם טויער. זיי האָבן שוין מער נישט געהערט די באַפעלן פון זייערע קאָמאַנדירן נאָך

בלויז די באַפעלן פון זייערע אייגענע הערצער. ווען זיי זענען אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי דער מעטשעט עומר אויף אַ ברייטן ווייסן פּלאַץ. „מאָטע" איז אַרויף אויפן פּלאַץ נעבן מעטשעט. ער האָט געוואָלט זאָגן זיינע קעמפער אַלץ וואָס עס טוט זיך אין זיין הארץ, אָבער ער האָט בלויז פּיי־ערלעך אויסגערופן:

„דער הר הבית איז אין מיינע הענט. איך חזר איבער: דער הר הבית איז אין מיינע הענט".

צוויי טויזנט יאָר האָט דאָס יידישע פאָלק געוואָרט מען זאָל אים אָנזאָגן, אַז דאָס אָרט וווּ עס איז געשטאַנען דער בית־המקדש, וואָס איז צוויי מאָל חרוב געוואָרן דורך פרעמדע דעראָבערער, אַז דער הייליקער באַרג געפינט זיך טאַקע אין זיינע הענט. די צנחנים וואָס זענען געווען אָנווזנד ביי דעם היסטאָרישן מאָמענט זענען געשטאַנען ווי פאַרכישופטע. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אויפן פּלאַץ ווי אין חלום. „מיליאָנען יידן אויף דער גאַנצער וועלט וועלן פון איצט אָן קאָנען עולה־רגל זיין אין די יום־טובים אויפן הר האלוהים", — האָבן זיי געטראַכט. אָבער דער קאַמף האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. די פּאַראַשוטיסטן־באַטאַליאָנען האָבן געענ־מען פּלייצן דורך די טויערן אין די שמאָלע, געשלענגלטע געסלעך פון דער אַלט־שטאָט. פון די הייזער, פון גריבער און קאַנאַלן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין לעגיאָנערן און זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט. אַ טייל פון זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין פּיזשאַ־מעס און זיי האָבן געטענהט, אַז זיי זענען נישט קיין מיליטער־לייט. אַנדערע ווידער, האָבן נישט געהאָט קיין מוט אַרויסצוגיין אין גאַס און מען האָט זיי געפונען באַהאַלטן אין די קעלערן. פון די מאָנאַסטירן און שפּיטאָלן זענען אַרויסגעקומען הונדערטער פרויען און קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן בעת דער באָמבאַרדירונג. נעבן שער הורדוס האָבן די לעגיאָנערן אַרויסגע־וואָרפן דורך די פענצטער ביקסן און קוילן־לענטעס אויף דער גאַס. די צאָל מענטשן וואָס האָבן געטראָגן ווייסע פענער איז גע־וואָרן אַלץ גרעסער. די צנחנים האָבן אינצווישן ממשיך געווען אָפּצורייניקן אַלץ מער געסלעך פירנדיק קאַמפן מיט סנייפּערס, וואָס האָבן זיך איינגעעקשנט און נישט געוואָלט לייגן דאָס גע־ווער. פון אַ הייל־ווינונג איז אַרויסגעלאָפן אַ וויינענדיקע פרוי און געבעטן רחמים ביי די צנחנים איר צו העלפן געפינען איר קליין יינגעלע, וועלכער איז פאַרשווונדן אין אָנהויב פון קאַמף. אַ צנחן האָט אין אַ פינצטער געסל באַמערקט זיצן דאָס יינגעלע, וואָס האָט ביטער געוויינט. ער האָט אים גענומען אויף די הענט און

אָפּגעטראָגן צו דער מוטער, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען. דאָס מאָל פון פרייד.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז דאָס בלוט פון אונדזערע קעמפער זאָל פאַרגאָסן ווערן אויך אין די געסלעך פון דער שטאָט, נעבן הר הבית. איין צנחן איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ סנייפּער־קויל. דער סנייפּער האָט זיך געהאַט באַהאַלטן אויף דער וואַנט אַרום דער שטאָט. זיינע חברים האָבן געבראַכט אַ לייטער, אַרויפגעקראָכן אַהין און דערשאָסן דעם לעגיאָנער. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער אַנדערער זייט. אַ גרופּע לעגיאָנערן האָט נאָך אַלץ געפירט אַ קאַמף מיט אייניקע צנחנים נעבן שער שכם. דערביי איז דער־הרגעט געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון די צנחנים. אַן אַראַבישער איינוווינער, וועלכער האָט געוויזן דעם וועג א גרופּע צנחנים דורך די געדרייטע געסלעך, האָט זיי אריינגעפירט אין אַ פּאַסטקע. אויף אַ דאַך זענען געשטאַנען לעגיאָנערן און זיי האָבן געעפנט אַ פייער אויף די צנחנים. אין קאַמף זענען אַלע לעגיאָנערן דערשאָסן געוואָרן. נעבן מגדל דוד, אין דער שטאָטישער תפיסה, האָט אַ גרופּע צנחנים זיך אָנגעטראָפן אויף אַ באַוואָפנטן אַרעסטאַנט, איי־נער פון די הונדערטער אַרעסטאַנטן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן ערב דער מלחמה. ער איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. נישט ווייט פון דאָרט האָבן צנחנים אָפּגערייניקט אַ טורעם אויף דער מויער, פון וואַנען לעגיאָנערן האָבן נאָך געהאַלטן אין שיסן.

אַ מינירער האָט אונטערגעלייגט אויפרייס־מאַטעריאַל אונטער אַ בריק וואָס האָט פאַראייניקט צוויי ווערענדעס. די בריק איז איינגעפאַלן מיט אַ גרויסן קראַך, אָבער דערביי איז דער מינירער באַגראָבן געוואָרן אונטער די אַראָפּגעפאַלענע ברוך־שטיקער. צו זיין מזל איז איין קעמפער אַראָפּ זוכן זיין געווער, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף די חורבות און באַמערקט דעם העלם פון באַ־גראָבענעם צנחן. ער האָט שנעל אָפּגעריינדיקט די ברוך־שטיקער און געפונען זיין חבר אַ באַוווסטלאָזן.

דער אָפּהילך פון די שיסערייען און דעטאָנאַציעס האָט זיך נאָך געהערט פון אַלע געסלעך פון שטאָט, אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך די שיסערייען איינגעשטילט. די צנחנים האָבן זיך איצט גע־פונען נאָענט צו דער מזרח־וואַנט, די וואַנט וואָס קוקט אַריבער צו דעם יידישן שטאָט־טייל. ווען די ערשטע צנחנים זענען אַרויפ־געקראָכן אויף דער דאָזיקער וואַנט, האָבן זיי פון איר געקאָנט זען די יובלענדיקע איינוווינער פון דער יידישער ירושלים. אין דעם מאָמענט האָבן אָנגעהויבן קלינגען די גלאָקן פון די קירכעס און מאָנאַסטירן אין דער גאַנצער געגנט.

# דער כותל

אין דער צייט ווען אַ גרופּע קאָמאַנדירן האָט אָנגעפירט מיט די קאַמפּן פאַר דער שטאָט, פון פּלאַץ נעבן הר־הבית, האָט אַ פּאַ־ראַשוטיסטן־גרופּע זיך פאַרנומען מיט דורכברעכן אַ וועג צום כותל המערבי. אַן אַראַבישער איינוווינער, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט איז געלאָפן פאָרויס, זיי ווייזן דעם וועג. מעגלעך אַז די געשיכטע האָט דעם דאָזיקן אַראַבער באַשטימט פאַר אַ פּייערלעכן וועגוויי־זער פאַר די צנחנים. צווערשט האָט דער אַראַבער נישט געוווּסט וואָס די עקזאַלטירטע קעמפער־גרופּע וויל פון אים. נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים, האָט ער ווי אַ שמייכל געטאָן און אָנגעהויבן פירן די חיילים, צום געסל וואָס גייט צום כותל המערבי. נעבן אַ וואַך־שטיבל ביים סוף פון געסל איז גע־שטאַנען אַ לעגיאָנער מיט אויפגעהויבענע הענט. אין דער רעכטער וואַנט פון געסל האָט איין צנחן דערזען אַ קליינע פּורטקע. ער האָט אַ שטויס געטאָן דאָס טירל און פּלוצעם ווילד אויסגעשריען:

„דער כותל המערבי! איך זע דעם כותל!"

אַ ריזיקע וואַנט, גרויסע שטיינער. צווישן זייערע שפּאַלטן — ווילד־גראָז. די קעמפער האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער עפענונג, צוגעלאָפן צום כותל און גענומען גלעטן די גרויסע שטיינער...

גאַנצע צוויי טעג האָבן די צנחנים געפירט אַן עקשנותדיקן און אכזריותדיקן קאַמף, אין די גאַסן פון שטאָט, אויף דעם אַמו־ניציע־בערגל, איבער די פאַרצוימונגען, אויפן וועג צו דער פּאָליציי־שול. דאָרט האָבן זיי פאַרלוירן זייערע בעסטע חברים און קיין טרער האָט נישט געראָנען פון זייערע אויגן. אָבער דאָ, נעבן דער טרערן־וואַנט פון יידישן פאָלק, האָבן זיי געקאָנט אויסלאָדן זיי־ערע געפילן. אייניקע האָבן צוגעדריקט זייערע ליפּן צו דער קאַל־טער וואַנט. אַנדערע האָבן זיך געשטעלט אויף די קני און צוטר־ליענדיק זיך צו די שווערע שטיינער האָבן זיי באַוויינט זייערע טייערע חברים, וואָס זענען געבליבן אויפן בלוטיקן וועג און נישט זוכה געווען צו אָט דעם גרויסן מאָמענט, צו זיין שותפים צו דער גרויסער איבערלעבונג פון יידישן פאָלק, וואָס זיי זענען עס גע־

ווען די, וואָס האָבן דאָס פאָלק צוריקגעבראַכט צו זיין חרובן בית־המקדש.

אַ גרופּע קעמפער האָט זיך געאײַלט צום כותל כדי אויף אים אַרויפציען די בלוי־ווייסע פאָן. די זעלבע פאָן, וואָס איז אין געהיים אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון דער אַלט־שטאָט מיט נײַנצן יאָר צוריק און האָט זיך איצט צוריקגעקערט מיט שטאָלץ אין פאַטראָנען־טאַש פון אַ פאַראַשוטיסטן־אָפיציר. מיט אַמאָל האָבן תקיעות־שאַלן דורכגעשניטן די לופט. דער מיליטערישער הויפּט־רב אלוף שלמה גורן, איז געקומען צום כותל מיט די ערשטע קעמפער, אין אַ פאַנצער־אויטאָ, אונטער די קוילן פון סנײַפּערס. צוזאמען מיט אים זענען געקומען הויכע אָפיצירן, וועלכע האָבן געאײַלט צום כותל, כדי צו זיין שותפים צום היסטאָרישן מאָמענט. אַ סך תפילות האָט דאָרט אָפּגעריכט דער ערשטער ישראלדיקער רב, אַ מיליטער־מאַן, וואָס איז געקומען צום באַפרייטן כותל, אָבער שטאַרקער פון אַלע תפילות האָט זיך אײַנגעקריצט אין האַרצן פון די צנחנים די „יזכור״־תפילה, וואָס ער האָט שטיל געזאָגט לזכר זייערע חברים, וועלכע זענען געפאַלן אויפן וועג צום הר־הבית, אין דער פאַרקוילטער פאָליציי־שול, אין די ברעגעדיקע טאַנקען־טורעמס, נעבן די אויפגעבראָכענע טויערן פון שטאָט. די צנחנים זענען געשטאַנען און אונטער די קלאַנגען פון „התקווה״ סאַלוטירט צום כותל המערבי.



דעם גאנצן טאָג זענען די צנחנים ווידער און ווידער געגאנגען צום כותל המערבי, ווי זיי וואָלטן אים געוואָלט אויסדערציילן זייערע קאַמפּס־איבערלעבונגען. אין דער נאַכט, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט נעבן די גרויסע שטיינער, איז מען געקומען רופן דעם דאָקטאָר, סרן אורי, אין אײנעם פון די שטאָטישע הייזער. דאָרט איז אַ מוסולמענישע פרוי געגאַנגען צו קינד. מען האָט דעם דאָקטאָר געבראַכט, דורך די געדרייטע געסלעך, אין אַ קלייַנער אלקאָווע, וואָס איז געווען באלויכטן מיט אַ לאַמטערן. א פרוי האָט זיך דאָרט געדרייט אין געבורט־ווייען. ער האָט אָפּגענומען דאָס קינד טראָגנדיק אויף זיך דעם אויטאָמאַט און דעם שטאָל־העלם. ווען ער איז צוריקגעקומען צום כותל און דערציילט וו ער איז געווען, האָט אים עמעצער מכבד געווען מיט אַ טעפּעלע קאַווע.

„דאָס געבורט זאָגט אפשר אָן דעם געבורט פון אַ נייעם טאָג, אַ בעסערן״ — האָט אײנער פון די צנחנים געזאָגט. זיי זענען געזעסן און געקוקט אויף די רויך־וואָלקנס איבער ברענענדיקע

הייזער, אויף די חורבות און ברוך־שטיקער. זיי האָבן זיך צוגע־הערט צו דעם קינדערישן געוויין, וואָס איז געקומען פון די אַרו־מיקע פענצטער. פאַרטאָג האָבן זיי געמאַכט אַן אזכרה פאַר זייערע געפאַלענע חברים. פון צייט צו צייט פלעגט זיך דערהערן דער פייף פון אַ סנייפּער־קויל, איבער די הייזער. אַ שטיל ווינטל האָט באַוועגט די גראָז־אָנוווקסן אין די שפּאַלטן פון די שטיינער אין כותל־המערבי. „איצט בלייבט נאָר איבער צו בויען אַלץ אויפ־סניי" — האָט אַ צנחן געזאָגט צו זיין חבר, וועלכער איז גע־שטאַנען און געקוקט אויף דעם ניי־אויפגייענדיקן טאָג, אין מזרח פון דער שטאָט פון דוד.



אלי לנדאו (28), געבוירן אין תל־אביב, דערצויגן אין „מחנות העולים” און אין קיבוץ חפציבה, געווען אַ סרן אין צה”ל און געדינט אין אַ פּאַראַשוטיסטן־איינהייט. געווען אינסטרוקטאָר פון אַ קורס פאַר קליין־קאַמף און פון אַן אָפיצירן־שול אין צה”ל.

זיין וועג אין . ער פרעסע האָט אלי לנדאו אָנגעהויבן אין צה”ל־זשורנאַל „במחנה” פון וועלכן ער איז אַריבער צו דער צייטונג „מעריב”, וווּ ער אַרבעט אַלס מיליטערישער קאָרעספּאָנדענט. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ סך פון די קאַמפּס־אַקציעס, וועלכע ער האָט אין משך פון יאָרן געשילדערט אין דער פרעסע.

ספרית מעריב